נ. פּאָמעראַנץ:

# רעוואָלוציע
אָדער
# רעפאָרם?

מיט אַ פאָרוואָרט פון
**חיים גרינבערג**

פאַרלאַג „אידישער קעמפער"
ניו יאָרק, 1937

# אינהאַלט:

# פאָרוואָרט

פון

## חיים גרינבערג

אַן אַלטע מחלוקת אין סאָציאַליסטישן דענקען, אין דער סאָציאַליסטישער פּראַקטיק: רעוואָלוציע אָדער עוואָלוציע? קפיצת־הדרך אָדער דער לאַנגזאַמער וועג פון פּראָוירקלאכונג דורך אָרגאַנישן וואוקס פון נייע קרעפטן און צילבאוואוסטן אויפבוי? די דאָזיקע מחלוקת האָט צעשפּאָלטן די אינטערנאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס פון סאָציאַליזם און פון דער אַרבעטער־באַוועגונג בכלל, אריינגעבראַכט ניט נאָר אידייען־קאַמף נאָר אויך שנאה און ברוטאַלע ברידער־מלחמה אין די אָרגאַניזירטע סאָציאַליסטישע רייען אין יעדן לאַנד באַזונדער. פון אויבן־אויף דוכט זיך איצט אויס, אַז יענע פאַטאַלע היסטאָרישע מחלוקת ווערט אין אונזערע טעג כמעט ווי ליקווידירט. סאָציאַליסטן וואָס האָבן אויפגעבויט זייער גאַנצע וועלטאַנשויאונג אויף דער אמונה, אַז נאָר קאַטאַסטראָפע קען פירן צו דער גאולה, האָבן לעצטנס אָנגעהויבן רעדן וועגן דעם ווערט פון דעמאָקראַטישע אינסטיטוציעס, פון פּאַרלאַמענטאַריזם און לעגאַליטעט, אַפילו וועגן דעם נוצן פון אויפריכטיקער קאָאָפּע־

ראַציע צווישן פּראָלעטאַריאַט און די פּראָגרעסיווע שיכטן פון אַנדערע קלאַסן. עס דוכט זיך אויס, אַז אויך (און אפשר, דער עיקר) אין סאָוועט־רוסלאַנד — אין דער עקספּערימענטאַלער לאַבאָראַטאָריע פאַר וועלט־רעוואָלוציאָניזם — קומט איצט פאַר אַן ערנסטע רעוויזיע און עס קריסטאַליזירט זיך דאָרט אויס אַ נייגונג צו דעם זעלבן „רעפאָרמיזם", וועלכן מ'האָט דאָרט פריער געשטעמפּלט אַלס פאַרראַט.

עס וואָלט אָבער געווען צו נאַאיוו צו גלויבן, אַז מיר שטייען שוין היינט ערב דער ליקווידאַציע פון דעם אַלטן אידעאָלאָגישן שטרייט און אַז אין דער נאָענטער צוקונפט וועלן באַזייטיקט ווערן די ערנסטע דיפערענצן צווישן די צוויי גרונט־טיפּן פון סאָציאַליזם. דער רעוואָלוציאָניסטישער סאָציאַליזם, וועלכער איז די לעצטע צוואַנציק יאָר געווען פאַרקערפּערט הויפּטזעכלאַך אין סאָוועטיזם און באָלשעוויזם, האָט בלויז צייטווייליק, צוליב ריין סטראַטעגישע טעמים, געענדערט זיין טאָן. ביי דער ערשטער געלעגנהייט, אין אַ מער אָדער ווייניקער „גינסטיקער" וועלט־קאָניונקטור, וועלן מיר מסתמא אויפסניי דערהערן די באַקאַנטע „חבלי־משיח'דיקע" טענער פון קאַטאַסטראָפישן סאָציאַליזם, און נייע פאַרזוכן וועלן געמאַכט ווערן אויפסניי אויפצולעבן די ראָמאַנטיק פון סאָציאַלער רעוואָלוציע. די דיסקוסיע איז נאָך ווייט ניט פאַרענדיקט.

אַן ערנסט וואָרט אין דער דיסקוסיע נעמט איצטער

מיין פריינט, ניסן פאָמעראַנץ, מיט דער סעריע אינטערע־סאַנטע אַרטיקלען וועגן סאָציאַליסטישע פּראָבלעמען, וועלכע ער גיט איצט ארויס אין אַ ביכל. חבר פאָמעראַנץ פּרע־טענדירט ניט אין זיינע אָפּהאַנדלונגען אויסצודריקן דעם שטאַנדפּונקט פון וועלכער ניט איז אָרגאַניזירטער פּאָלי־טישער גרופּע, אויך ניט פון יענער אָרגאַניזאַציע וואָס שטייט הינטערן פאַרלאַג „אידישער קעמפער". ער טראָגט ניט דעם טלית פון אַ „שליח־ציבור" און איז נאַטירלאך גרייט צו נעמען אויף זיך פּערזענלאך די אַחריות פאַרן אינהאַלט און פאַרן טאָן פון זיינע באהויפּטונגען. אַלס יחיד רעדט ער צו אַנדערע יחידים, וואָס האָבן אַ לעבע־דיקן אינטערעס אין דער סאָציאַליסטישער באוועגונג און זיינען גרייט ערנסט זיך צו פאַרקלערן וועגן די עיקרים, וועגן די פונדאַמענטאַלע פּראָבלעמען פון סאָציאַליסטישן דענקען. און אָט וועגן די דאָזיקע עיקרים האָט חבר פאָמעראַנץ ארויסגעזאָגט אַ ריי אינטערעסאַנטע געדאַנקען, און ארויסגעזאָגט האָט ער זיי מיט מוט, ערלאכקייט און אויסערגעוויינלאכער קלאָרקייט.

וואָס פאַר אַ מעטאָדע האָט חבר פאָמעראַנץ אָנגע־ווענדט אין זיין אַרבעט? אויף וואָס פאַר אַ גרונט־פּרינציפּ שטיצט זיך די סאָציאַליסטישע וועלט־אָנשויאונג, וואָס ער באמיט זיך אויסצוקריסטאַליזירן? אָבער מוז מען טאַקע שטעלן די דאָזיקע פראַגע און איז דער אויטאָר מחוייב צו געבן אויף איר אַן ענטפער? אויב מעטאָדע

אָדער גרונט־פּרינציפּ האָבן עפּעס צו טאָן מיט מעטאַפיזיק, האַלט זיך חבר פּאָמעראַנץ פריי פון מקיים צו זיין די מצוות־מעטאָדע. און אויב שוין יאָ מעטאָדע, איז שכל הישר אויך אָן אינסטרומענט אויסצוגעפינען דעם אמת, אפשר דער איינציקער שפּאַקטיוו דורך וועלכן מ׳קען דער־זען דעם וועג פון סאָציאַלע אַנטוויקלונגען. אָט די דאָ־זיקע פריייע, דאָגמאַטיש־אומגעבונדענע, שכל־הישר־מעטאָדע ווענדט ער אָן מיט דער פשטות פון גרינטלאכן דענקען פאַר זיין אַנאַליז און פאַר זיינע פּראָגנאָזן. ווער עס וויל דוקא פאַרשלייערן זאַכן אין פאַך־טערמינאָלאָגיע, וואָלט זיין מעטאָדע געקאָנט אָנרופן מיט אַ פילאָסאָפישן טערמין, וועלכער איז אין אַמעריקע באַזונדערס באַקאַנט: פּראַג־מאַטיזם (אַגב, נוצט חבר פּאָמעראַנץ טאַקע אַליין אין איניקע שטעלן פון זיין שריפט דעם אויסדרוק „פּראַגמאַ־טישער סאָציאַליזם”). אויף סאָציאַלע אידעאַלן און אויף די וועגן צו זייער פאַרווירקלאכונג ווענדט ער אָן וויליאם דזשעימס׳ מעטאָדע. וואָס איז אמת? דאָס „אינסטרומענ־טאַלע”, דאָס וואָס מאַכט דעם מענשן אינערלאך רייכער, שעפערישער, דאָס וואָס העלפט טאַקע בפועל ממש דעם קאָנקרעטן מענשן צו לייזן זיינע וויכטיקסטע לעבנס־פּראָ־בלעמען. „דאַז איט וואָירק? איף איט דאַז, איט׳ס טרו”. פּאָליטישע פרייהייט, דעמאָקראַטישע אינסטיטוציעס, אַגרע־סיווער רעפאָרמיזם — דאָס אַלץ איז „אמת”, פאַר אַלע־מען, ווייל עס „ווירקט”, ווייל עס ברייננגט רעזולטאַטן,

מאַכט דאָס לעבן אָרגאַניזירטער, שענער, גליקלאַכער און ווירדיקער. די אידייען פון סאָציאַלער רעוואָלוציע, פון באוואָפנטע קלאַסן־אויפשטאַנדן, פון פּראָלעטאַרישער אָדער קלאַסן־דיקטאַטור, זיינען אין זייער תוך פאַלש, ווייל אין לעצטן חשבון פאַראַרעמען זיי דאָס לעבן אַנשטאָט עס צו באַרייכערן, און די צוואַנציק יאָר רוסישע רעוואָלוציע זיינען פאַר אים די בולט'סטע באשטעטיקונג פון זיין אַנאַליז. מען מוז ניט מסכים זיין מיט דעם אפשר צו קאַטעגאָרישן פּועל־יוצא וואָס ער מאַכט פון זיינע באטראַכטונגען, אַז „מיט דער רוסישער רעוואָלוציע האָט זיך פאַרענדיקט דער רעוואָלוציאָנערער פּעריאָד אין סאָציאַליזם". די דאָזיקע באהויפּטונג איז אפשר צו ראַציאָנאַליסטיש, צופיל אָריענטירט אויף דער מאַכט פון אינטעלעקט אין היסטאָרישע פּראָצעסן, אויף דער פעאיגקייט פון מאַסן צו מאַכן לאָגישע שלוסן פון אַנטוויקלונגען און דערפאַרונגען. דער פאַקט וואָס די רוסישע רעוואָלוציע האָט ניט מצליח געווען, האָט ניט באוויזן יענעם סאָציאַליסטישן נס אויף וועלכן זי האָט ארויסגעגעבן אַזוי פיל וועקסלען, איז ניט קיין באוויז, אַז אין דער צוקונפט (אַפילו אין דער פאַרהעלטניסמעסיק נאָענטער צוקונפט) זאָלן אין אַנדערע לענדער, מיט אַן אַנדערן אָדער מיט אַן ענלאַכן סאָציאַל־קולטורעלן קלימאַט, ניט פאָרקומען קיין נייע משיחיש־סאָציאַליסטישע קאָנוואולסיעס. דער כוח פון מוסר־השכל איז אין דער געשיכטע אַ סך שוואַכער, ווי פילע פון אונז זיינען געוויגט

זיך פאַרצושטעלן. אינסטינקטן, ליידנשאפטן, די מוטנע ענערגיע פון לאַנגע היסטאָרישע פאַרשמאַכטקייטן און יענע אויפגעשרויפטקייטן וואָס מאַכן אין געוויסע מאָמענטן אונ־טערדריקטע מאַסן פעאיק אויף אומ'תכלית'דיקע האַנדלונ־גען, האָבן זייער אייגענע, אינוועניקסטע לאָגיק. חבר פאָ־מעראַנץ האָט אָבער זיין גוטן גרונט צו גלויבן, אַז אין דער מאָס אין וועלכער היסטאָרישע מוסר־השכל'ס שפּילן אַ ראָלע און פאַר די וואָס זיינען פעאיק צו באהערשן אין זיך דאָס כאַאָטישע און האַנדלען לויט קריטיש באַלויכ־טענע היסטאָרישע דערפאַרונגען, האָט זיך דער רעוואָ־לוציאָניסטישער פעריאָד פון סאָציאַליזם שוין פאַרענדיקט. זיין סעריע אַרטיקלען האָט פון דעם שטאַנדפונקט אַ דער־ציערישן ווערט פאַר יעדן סאָציאַליסטיש געשטימטן אידן, וואָס איז גרייט ערנסט אויסצוהערן ניט־אָרטאָדאָקסישע גע־דאַנקען און האָט ניט מורא זיך צו שיידן מיט אַ ריי אָבער־גלויבנס און פאָראורטיילן, וועלכע האָבן פרובירט זיך אויף שטענדיק איינצובירגערן אין סאָציאַליסטישן דענקען.

חבר פּאָמעראַנצ'ס סעריע אָפּהאַנדלונגען זיינען אַ שיינער בייטראַג צו דער אידישער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור און זיי וועלן זיכער ווירקן סטימולירנדיק אויפן דענקען פון יענע לעזער, וואָס האָבן ליב און פאַרמאָגן די פעהיג־קייט צו דענקען פריי און זעלבסטשטענדיק.

חיים גרינבערג.

# סאָציאַלע רעוואָלוציע
# אָדער סאָציאַלער
# רעפאָרמיזם?

I

# רעוואָלוציאָנערע ראָמאַנטיק

דער געדאַנק פון סאָציאַלער רעוואָלוציע איז, אין גרונט גענומען, פאַנטאַסטישע ראָמאַנטיק.

די אידייע, אַז די מענשלאַכע געזעלשאַפט איז עפּעס אַ מין לויזע פּליסיקייט, וואָס קען געפורמט ווערן פון דעם מייסטער לויט אַ צוגעגרייטן „בליו פּרינט", לויט אַן אויסגעטראַכטן פּלאַן — אַט פונקט ווי אַ טעפּער טוט מיט ליים — איז אַ ווילדע אילוזיע, אַ קינדערשע סימפּליפיקאַציע פון העכסט קאָמפּליצירטע, פאַרוויקלטע דערשיינונגען.

מיט דער אויסנאַם פון דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, וואָס איז פאָרגעקומען אין אונזער צייט, ווייס ניט די גאנצע מענשלאַכע געשיכטע צו דערציילן פון איין־איינציקן פאַל, ווען אַ סאָציאַלע אָרדנונג זאָל זיך האָבן איבערגעביטן מיטאָמאָל, פּלוצלונג, איבערנאַכט. אין דער פאַרגאַנגענהייט האָט נאָך קיינמאָל ניט פּאַסירט, אַז קעגנזייטיקע מענשלאַכע באַציאונגען, אין געזעלשאַפטלאַכן פאַרנעם, זאָלן באַשטימט ווערן אָדער געענדערט ווערן דורך עפּעס אַ פּלאַן,

אַלץ איינס צי דער דאָזיקער פּלאַן איז אַ קאַפּריז פון אַ צעבאַלעוועטן קיסר, אָדער דער ליידנשאַפטלאכער טרוים פון דעם נאָבעלסטן אידעאַליסט. די באַציאונגען צווישן מענש און מענש אין דער געזעלשאַפט זיינען אין דער פאַרגאַנגענהייט תמיד באַשטימט געוואָרן פון דער אָנגעַ־קליבענער מענשלאכער דערפאַרונג; זיי זיינען אַלעמאָל געווען דער רעזולטאַט פון אַן אָרגאַנישער אַנטוויקלונג, וואָס איז אַליין אַ פּועל־יוצא פון דער פיזישער אומגעבונג און פון דעם מענשלאכן כאַראַקטער.

אַפילו די טיף־גייענדיקסטע ענדערונגען אין געזעל־שאַפטלאכן צוזאַמענלעבן זיינען אין דער פאַרגאַנגענהייט תמיד פאַרגעקומען ניט מיטאַמאָל, נאָר ווי אַ פּראָצעס פון לאַנגזאַמער אַנטוויקלונג. אַ געזעלשאַפטלאכע אָרדנונג פון איין באַשטימטן, ריינעם טיפּ, און איבערבלייבאכצן פון אַ נייער אָרדנונג, איז בכלל אַ זעלטנהייט. היינט־צו־טאָג, צום ביישפּיל — איבער הונדעט יאָר נאָך דער „אינדוסטריעלער רעוואָלוציע" — זיינען פאַראַן זייער וויניק לענדער, וואו זייט־ביי־זייט מיט אַ הויך־אַנטוויקלטן קאַפּיטאַליזם זאָלן זיך אויך ניט פּלאָנטערן צווישן די פיס ביי זיי רעשטלאך פון פעאָדאַליזם.

כאָטש דאָס אַלץ איז אמת, פונדעסטוועגן מוז מען אריינפאַלן אין היסטאָרישע טעות'ן, אויב מ'זאָל אינגאַנצן ניט נעמען אין באַטראַכט דעם ראָמאַנטישן עלעמענט אין געשיכטע.

דער מענש איז, אָן ספק, אַ האָפנונגסלאָזער טרוימער. פאַנטאַזירן, האָפן און שטרעבן, אַפילו צו דאָס אומדער־גרייכבאַרע, זיינען מענשלאכע אייגנשאפטן, וואָס קענען ניט איגנאָרירט ווערן. ניט איין מאָל אין דער געשיכטע האָט דער מענש פאַרלאָזן דעם רעאַלן, אויסגעטראָטענעם באָדן און זיך אַוועקגעלאָזט אויף לאָקנדיקע, ראָמאַנטישע וועגן.

ווי אַנדערש קען דערקלערט ווערן, למשל, די דער־שיינונג אין מיטלאַלטער פון דער קרייצצוגן־באוועגונג, ווי מיט ראָמאַנטיציזם?! וויפיל עס זאָלן זיך ניט מאַטערן היסטאָריקער און סאָציאָלאָגן צו דערקלערן די קרייצצוגן רעאַליסטיש, וועלן זיי דאָס ניט קענען טאָן, ווען זיי וועלן ניט נעמען אין באטראכט דעם ראָמאַנטישן מאָמענט אין אָט דער מערקווירדיקער באוועגונג.

פונקט ווי עס טרעפט מיט אַן איינצלנעם מענשן, אַז ער פאַרגעסט אויף אַ ווייל דעם דרך־העולם, פאַרגעסט זיינע פליכטן צו ווייב און קינדער, און לאָזט זיך אַוועק אויף אַ „ספרי", אויף אַ יום־טוב פון שכרות און פאַר־געסונג, — אָט־אַזוי טרעפט זיך אויך מיט געזעלשאפט־לאכע פעריאָדן, ווען גרויסע פאָלקס־שיכטן שכור'ן זיך איין מיט ווילדע, פאַנטאַסטישע אילוזיעס; און פונקט ווי דער יחיד באצאָלט נאָכדעם זייער טייער פאַר זיין קורצן יום־טוב, — אַזוי איז אויך מיט דער געזעלשאפט.

דער מענש איז ניט קיין געוויינלאכע חיה. ער איז אַ חיה מיט פאָרשטעלונגס־קראַפט. פון אַלע באשעפענישן

איז דער מענש דער איינציקער וואָס קען זיך אַליין פאַר־ניכטן, וואָס קען באגיין זעלבסטמאָרד. דער מענש קען אַלץ. ער קען גיין קעגן דער נאַטור און אירע געזעצן, און אודאי קען ער אויך גיין קעגן די געזעצן פון דער מענשלאכער געשיכטע, קעגן דער אָנגעקליבענער דער־פאַרונג.

אָבער יעדעס מאָל, ווען ער טוט עס, באצאָלט ער אַ צו טייערן פרייז דערפאַר.

דעריבער איז עס אַ הייליקער חוב פאַר יענע, וואָס קוקן אויף דער געזעלשאפט רעאַליסטיש, וואָס באגרייפן די געפאַרן וואָס לויערן, ווי פאַרשטעקטע גנבים און רוי־בער, אין יעדער פלוצלונגער געזעלשאפטלאכער אויפ־רייסונג, צו וואָרענען קעגן דער געפערלאכער איינרעדעניש, אַז עס איז מעגלאך עפּעס ממשות'דיקעס צו דערגרייכן דורך „שאָרט קאָטס", דורך קורצע וועגן.

*
**

דער געדאַנק פון סאָציאַלער רעוואָלוציע ציט זיין יניקה פון יענעם מיסטישן שטראָם אין דעם מענשלאכן אונטערבאוואוסטזיין, פון וואַנען עס קוועלט ארויס דער מעסיאַניזם, דער משיח־געדאַנק.

דוקא דאָרט, וואו דער אידעאַל איז אַ דערהויבענער און אים איז שווער צו דערגרייכן ; גראָד דעמאָלט, ווען דער מענש הויבט אָן צו דערפילן זיין אייגענע מאַכט־לאָזיגקייט צו פאַרווירקלאכן זיינע הייסעסטע וואונשן, גלוס־

טונגען און חלומות, — אַנטשטייט דער גלויבן אין נסים, אַ גלויבן, וואָס האָט הינטער זיך ניט מער ווי דעם וואונש, אַז ליכטיקייט זאָל שוין אַמאָל זיגן איבער פינסטערניש, יושר איבער אומרעכט, רחמים איבער דין, און אַזוי ווייטער און ווייטער.

מיט אַ פערטל יאָרהונדערט צוריק האָב איך געלייענט רענאַנ׳ס בוך וועגן יעזוס קריסטוס. זייער ווייניק פון דעם בוך איז מיר פאַרבליבן אין זכרון, אָבער איך קען קיינ־מאָל ניט פאַרגעסן רענאַנ׳ס שילדערונג פון דער משיח׳יי־שער שטימונג, וואָס האָט אין יענער צייט ארומגעכאַפּט דאָס אידישע פאָלק אין ארץ־ישראל. רענאַן באַמערקט, דוכט זיך, אַז אָט די שטימונג האָט ניט קיין גלייכן צו זיך אין דער געשיכטע. און אָט־דער משיחיזם איז געווען אַ דירעקטער פועל־יוצא פון דער האָפנונגסלאָזיגקייט פון דעם קאַמף פון דעם שוואַכן אידישן פאָלק אַנטקעגן דעם רוי־מישן ריז.

אויף אַ נאַטירלאַכן וועג קען די ישועה ניט קומען. זי וועט מוזן קומען אויף אַן איבערנאַטירלאכן וועג, דורך אַ נס. איבער־נאַכט וועט זי קומען. עס וועט קומען צו־רייטן דער משיח, דער דערלייזער, אויף אַן אייזעלע — און אַלץ וועט כהרף־עין ווערן וואונדערלאַך גוט. איין מענש וועט דעם אַנדערן מער ניט פיינט האָבן. עס וועלן מער ניט זיין קיין מלחמות צווישן פאָלק און פאָלק. צדק וועט אָוועקגעזעצט ווערן אויפן טראָן אויף אייביק און

אייביק. דער מענש וועט מער ניט דאַרפן פאַרדינען זיין אויסקומעניש מיטן שווייס פון זיין שטערן — פאַרטיקע בולקעס וועלן וואַקסן אויף די בוימער. חוץ דעם וועלן מענשן מער ניט וויסן פון פיזישע שמערצן, פון חולאת'ן און מגפות, און אויך דער טויט וועט אָפּגעמעקט ווערן און מ'וועט לעבן אייביק.

דער געדאַנק פון סאָציאַלער רעוואָלוציע איז ענלאַך אויף אָט־דעם משיח־געדאַנק, טאַקע נאָר ווי איין טראָפּן וואַסער איז ענלאַך אויפן אַנדערן. אויך דאָ וועט אַלץ פאַרקומען ווי דורך אַ נס. היינט איז די מענשהייט קאַרופּט, רוצח'יש, איינער איז גרייט דעם צווייטן די קישקעס „ארויסצומאַטערן" צוליב אַ גראָשן — אָבער מאָרגן, „אויף מאָרגן נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע", וועט מיטאַמאָל אַלץ ווערן אַנדערש; מענשן וועלן, גלייך ווי זיי וועלן דערהערן דעם ערשטן שאַל פון דעם שופר של משיח, פון דעם דעקרעט פון דער רעוואָלוציע, אַראָפּוואַרפן די מיאוס'ע בגדים, וואָס בלויז „אומשטענדן" האָבן אויף זיי ארויפגעצוואונגען, און זיי וועלן מיטאַמאָל ווערן מלאכים — ניטאָ מער קיין קנאה־שנאה, ניטאָ מער קיין „מיין" און „דיין". און, מערקווירדיק — אַלע מענשלאַכע פּראָבלעמען, אַפילו אַזעלכע וואָס האָבן גאָרניט צו טאָן מיט דער ברויט־פראַגע, וועלן ווי דורך אַ כישוף גלייך געלייזט ווערן. די גאַנצע מענשהייט וועט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ הימעל־שער סימפאָניע פון מלאכים־קינסטלער.

קיין איין מאָל איז מיר נאָך ניט אויסגעקומען צו דיסקוטירן די פראַגע וועגן סאָציאַלער רעוואָלוציע, אַז דער אָנהענגער פון רעוואָלוציע זאָל ניט פאַרגלייכן דעם גע־בורט פון אַ נייער געזעלשאַפט מיט דעם געבורט פון אַ קינד, וואָס מוז נויטווענדיקערווייז זיין באגלייט פון וויטיקן. דוכט זיך, דאָס איז ניט מער ווי אַ משל, אָבער, מאָדנע, פאַר מיר איז אָט־דער משל זייער סימפּטאָמאַטיש; ער דערמאָנט מיר אַלעמאָל אָן דעם משיח׳ישן אונטערטאָן פון סאָציאַל־רעוואָלוציאָניזם; עס קומט מיר גלייך אויפן זכרון דער פסוק פון תנ״ך: „הנה העלמה הרה ויולדת בן" — די יונגפרוי איז פאַרשוואַנגערט און וועט ברענגען אויף דער וועלט אַ זונדעלע אַ צאַצקע, וואָס וועט אויס־לייזן די וועלט.

מ׳דאַרף ניט מיד ווערן צו דערמאָנען, אַז די מענש־לאַכע געזעלשאַפט דאַרף נישט ערשט געבוירן ווערן; אַז זי איז שוין טויזנטער יאָרן אַלט; אַז אַ געזעלשאַפט קען איבערהויפט ניט „געשאַפן" ווערן, נאָר מאַכט דורך בלויז געוויסע פאָרמען פון אַנטוויקלונג; אַז דער פּראָצעס פון אַנטוויקלונג איז אַן אָרגאַנישער, וואָס גייט אָן כסדר, אָט פונקט אַזוי ווי עס וואַקסט האָר אָדער גראָז, כאָטש מיט דער „נאַקעטער" אויג קענען מיר ניט באמערקן דאָס וואַקסן. און וויל מען פאַרגלייכן די געזעלשאַפט מיט אַ קינד, דאַרפן מיר עס פאַרגלייכן ניט מיט דעם געבורט פון אַ קינד, נאָר מיט דעם וואוקס און אַנטוויקלונג פון אַ

קינד, נאָכדעם ווי עס איז שוין געקומען אויף גאָטס וועלט — און דאָס ווייסן דאָך אַלע, אַז פון דעם זויג־לינג ווערט אַ קינד, אַ יונגלינג, אַ דערוואַקסענער א. א. וו. אָן שום בלוטיקע ווייטיקן — ניט פאַר דער מוטער און ניט פאַר דעם קינד.

***

קאַרל מאַרקס האָט אויף אַ זייער גרינטלאכן אופן באַגרינדעט דעם געדאַנק, אַז די אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט איז ניט עפּעס אַ קאַפּריזנער ענין; אַז זי קומט פאַר לויט באַשטימטע סאָציאַלע כללים. די צרה איז אָבער, וואָס נאָך איידער מאַרקס איז געוואָרן אַ וויסנשאַפטסמאַן איז ער שוין געווען אַ רעוואָלוציאָנער, און ער האָט זיך אין אמת'ן קיינמאָל ניט געקענט באַפרייען פון דער רעוואָלוציאָנערער ראָמאַנטיק מיט וועלכן ער איז אָנגעשטעקט געוואָרן אין זיין פריער יוגנט. אויב מ'מעג זיך אַזוי אויסדריקן, וואָלט איך געזאָגט, אַז מאַרקס איז געווען אַ מין „דואַלע" פּערזענלאכקייט — אַט אַ רעוואָלוציאָנער, און אַט אַ וויסנשאַפטסמאַן.

אין מאַרקסן און זיינע ווערק קומט פאַר אַ כסדר'־דיקער „ויתרוצצו" צווישן די צוויי קאָנצעפּציעס — רעוואָלוציע און אַנטוויקלונג. דאָס דערקלערט דעם מערקווירדיקן פאַקט, וואָס סיי רעוואָלוציאָנערן און סיי עוואָלוציאָנערן קענען שעפּן אַזוי פיל באַגייסטערונג און אַזוי פיל ראיות פון דעם זעלבן מאַרקס.

אָט די צוויי קאָנצעפּציעס קענען אָבער בשום אופן ניט „הויזן" בשלום אונטער איין דאַך און מוזן אָפּגעזעגט ווערן. דער מאַרקסיזם וואַרט נאָך אויף דעם גרויסן געלערנטן, וואָס זאָל אויף אַ גרינטלאכן אופן פאַנאַנדערשיידן די דאָזיקע צוויי אַנטקעגנגעזעצטע, אין גרונט פיינטלאכע געדאַנקען.

אָבער דער שאָדן, וואָס די רעוואָלוציאָנערע ראָמאַנטיק האָט אָנגעטאָן אין דער וועלט, ווי מיר זעען דאָס אין רוסלאַנד, און דער שוידערלאכער פּרייז, וואָס ניט נאָר דאָס רוסישע פאָלק, נאָר אויך די אַרבעטערשאַפט פון דער גאַנצער וועלט צאָלט דערפאַר, דערלויבן ניט מער צו זיצן מיט פאַרלייגטע הענט און וואַרטן אויף דעם גרויסן כירורג, וואָס וועט קומען און דורכפירן די נויטיקע אָפּעראַציע איבער דעם מאַרקסיזם. די צייט דערלויבט ניט צו וואַרטן, און אין דעם נויט־פאַל מעג זיך נעמען פאַר אָט־דער אויפגאַבע יעדער איינער, וואָס קען נאָר האַלטן אַ מעסער אין האַנט.

## II

# סאָציאַלער רעאַליזם

דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָנער איז געגליכן צו אַ בלום, וואָס איז קולטיווירט געוואָרן אין אַ „האָט־האָוז״; וואָס פאר אַ שטורמס און ווינטן עס זאָלן ניט פאָרקומען אויסער דער אָראַנזשעריע, האָט עס אויף אים אַ קנאַפּע ווירקונג — ער ליגט זיך פאַרפאַנצערט אין דער שאָלאכץ פון זיין אידעאָלאָגיע און בלייבט פּאַקטיש אימוניזירט קעגן דעם איינפלוס פון די ענדערונגען, וואָס קומען כסדר פאָר אין לעבן ארום אים.

געוויינלאך ווערט איינער אַ סאָציאַל־רעוואָלוציאָנער אין דעם צאַרטן עלטער צווישן 15 און 18 יאָר. פאַר־שטייט זיך, ניט אַלע בלייבן דעם גאַנצן לעבן טריי זייער ערשטער ליבע, אָבער יענע, וואָס בלייבן יאָ לאָיאַל צו זייער יוגנט־אידעאַל, קענען זיך קיינמאָל מער ניט באַ־פרייען פון דער רעוואָלוציאָנערער ראָמאַנטיק, וואָס זיי האָבן איינגעזויגן אין זייער בלוט, אַזוי צו זאָגן, מיט זייער מוטערס מילך. ווי הויך זיי זאָלן שפּעטער ניט אויסוואַקסן אינטעלעקטועל, בלייבט אָבער זייער קריטיש־זעלבסטשטענ־דיקער דענקען מאַכטלאָז אַנטקעגן אָט־דער ראָמאַנטיק.

אין אָט דער פראַגע בלייבן זיי 15—18־יאָריקע אינגלאַך ביז זייער טיפסטן עלטער.

די מאָדערנע סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערע אידעאָלאָגיע ציט איר פּאָדעם פון דעם פּעריאָד פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. יענער פּעריאָד האָט אונז איבערגעלאָזן אַלס ירושה די פילאָזאָפיע, אַז צווישן די „באַלעבאַטים פון לעבן”, וואָס האָבן אַלץ פאַרכאַפּט פאַר זיך, און דעם האַרעפּאַשנעם פאָלק, וואָס האָט גאָרניט, וואָס לײַדט הונגער און נויט און גייט ארום „אָן הויזן” (די „סאַן־קיולאָטן”), איז ניטאָ קיין שום געמיינשאַפט־לאַכעס; אַז זיי זיינען פאַקטיש צוויי באַזונדערע פיינט־לאַכע „פעלקער”, צווישן וועמען עס מוז אָנגיין אַ קאַמף אויף לעבן און טויט; אַז אַזוי ווי סיי דער יושר איז אויף דער זייט פון די אָרימע און סיי די מאַכט איז אויף זייער זייט, ווייל זיי האָבן דאָך די גרעסטע צאָל פויסטן, קען דער אויסגאַנג פון דעם דאָזיקן קאַמף זיין נאָר איינער — דער זיג פון די אָרימע פאָלקס־מאַסן.

אָט־דער פאַראיינפאַכטער בליק אויפן לעבן רעכנט זיך בלויז מיט דעם אַנטאַגאָניזם צווישן אָרים און רייך, וואָס האָט שטענדיק עקזיסטירט, אָבער ער לאָזט איב־גאַנצן ארויס פון חשבון יענע מאָמענטן פון שותפות'די־קייט, וואָס איז אַ רעזולטאַט פון געמיינזאַמען אָפּשטאַם, היסטאָריע און קולטור, וואָס דאָס איז פונקט אַזאַ רעאַלער כח אין לעבן ווי דער קאַמף צווישן אָרים און רייך. און

נאָך ערגער איז, וואָס אָט־דער בליק מאַכט זיך ניט וויסנ־דיק און פאַרשוויגט דעם אומצווייפלהאַפטן פאַקט, אַז די האָרעפּאַשנע מאַסן פון אונזער צייט גייען שוין מער ניט ארום „אָן הויזן"; אַז זיי לעבן אומפאַרגלייכלאָך בעסער ווי די מאַסן אין דער צייט פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, אָדער אין דער צייט פון דער „אינדוסטריעלער רעוואָלוציע" אין ענגלאַנד; אַז צוזאַמען מיט דער פאַר־שאַרפטקייט פון דעם קאַמף צווישן אָרים און רייך איז אויך געוואַלדיק אויסגעוואַקסן צווישן ברייטע פאָלקס־שיכטן דער געפיל פון שותפות'דיקייט אין דער געזעלשאַפט, דער געפיל, אַז זיי זיינען אַ טייל פון דער געזעלשאַפט, און אַז זייער וואוילזיין הענגט אָפּ אין אַ הויכן גראַד אָן דעם אַלגעמיינעם וואוילזיין, א. א. וו.

נעמט מען אַזאַ לאַנד ווי די פאַראייניקטע שטאַטן — און דאָס איז טאַקע דאָס לאַנד, מיט וועלכער מיר דאַרפן זיך רעכענען מער ווי מיט אַלע אַנדערע, ווייל דאָ איז דער קאַפּיטאַליזם אַ „ריינער", אָן צומישעכישן און אָן רעשטלאַך פון פעאָדאַליזם, — מוז מען נשתומם ווערן פון דער גוואַלדיקער פאַרבעסערונג, וואָס די צייט האָט געבראַכט אין דעם לעבנס־מצב פון די פאָלקס־מאַסן.

איך ווייס זייער גוט, אַז זאָגן אַ גוט וואָרט פאַר דעם קאַפּיטאַליזם אין ראַדיקאַלע קרייזן איז די גרעסטע אַפּיקורסות. איך גלויב אָבער, אַז פאַרשוויגן די רעאַלי־טעטן פון לעבן איז אַ פאַרברעכן קעגן די פאָלקס־מאַסן

גופא, וואָרים אַ טאַקטיק, וואָס איז באַגרינדעט אויף באַ־דינגונגען, וועלכע עקזיסטירן מער ניט, קען זיי נאָר ברענגען שאָדן. דעריבער האַלט איך עס פאַר אַ חוב אָנצואווייזן, אַז הגם די שפּיצן פון קאָנצענטרירטע רייכ־טימער און קאָנטראָל אין די הענט פון אַ קליין הייפל מענטשן שטעקן ארויס אין אַ שאַרפערן קאָנטראַסט איידער ווען עס איז פריער, איז אָבער דעם קאַפּיטאַליזם פאָרט געלונגען צו פאַרבעסערן אָן אַן ערך די לעבנס־באַדינ־גונגען פון די פאָלקס־מאַסן.

די דאָזיקע פאַרבעסערונג קען מען זען אויבן־אויף, אויף אַלע געביטן פון לעבן, אויב מ׳איז נאָר ניט פאַר־בלענדט דורך דאָגמאַטיזם.

קודם כל וואַרפט זיך אין די אויגן דער צושטאַנד פון פאָלקס־בילדונג. בילדונג און קולטור איז שוין מער ניט די פּריווילעגיע פון די רייכע, ווי עס איז געווען דער פאַל נאָך גאָרניט לאַנג צוריק. מיט דער אויסנאַם פון עטלאכע אָפּגעשטאַנענע געגנטן אין לאַנד, זיינען אַלע אַמעריקאַנער קינדער, אָן אונטערשייד פון קלאַס, באַזאָרגט מיט פרייער עלעמענטאַרער שולונג; אַ גאַנץ גרויסער פּראָצענט פון די קינדער באַזוכט אויך די העכערע שול, כאָטש ניט אומעטום איז זי אינגאַנצן פריי; און ממש דערשטוינענד איז די גרויסע צאָל, וואָס באַנוצן זיך אין אַמעריקע מיט אינסטיטוציעס פון העכערער בילדונג. פּאַ־ראַלעל מיט דער אָפּשאַפונג פון אַנאַלפאַבעטיזם איז אויך

אויסגעוואָקסן אַ פּאָבלהאַפּטע מאַסן־פּרעסע מיט אַ ריזיקן ביכער־מאַרק, וואָס זיינען שוין אויך מער ניט דער קנין פון די רייכע אָדער פון דער אינטעליגענץ, נאָר פון ברייטע מאַסן.

דאָס אַליין איז שוין גענוג צו פאַראורזאַכן אַן אמת׳ע געזעלשאפטלאכע איבערקערעניש אין לאַנד. אָבער דאָס איז נאָך ניט אַלץ. די גאַנצע אַנטוויקלונג פון דער קאַ־פּיטאַליסטישערווירטשאפט האָט געהאָלפן שאַפן אַ נייע דעמאָקראַטישע ציוויליזאַציע. דאָס וואָרט „ציוויליזאַציע" מוז ספּעציעל אונטערגעשטראָכן ווערן, וואָרים דאָ האַנדלט זיך ניט בלויז וועגן פאָרמעלער פּאָליטישער דעמאָקראַטיע, וואו די מערהייט קען אַמאָל זיין אַזוי ברוטאַל־אונטער־דריקעריש לגבי מינדערהייט־גרופּן ווי דער ווילדסטער דעספּאָטיזם; דעמאָקראַטיע, וועלכע מ׳קען, אַגב, אַמאָל גרינג פאַרלירן. דער קאַפּיטאַליזם האָט ממש געשאַפן אַ נייע ציוויליזאַציע, וואָס איר גאַנצער פאַרנעם, סיי אויפן געביט פון פאַרווײלונג און סיי אויפן געביט פון פּראָ־דוקציע, איז אויסגערעכנט אויף דער גרויסער פאָלקס־מאַסע.

די טעאַטערס, די קינאָס, די פאַרשיידענע ספּאָרט־שפּילן; די שפּייזן, די קליידונג און די פּראָדוקציע פון די טויזנט און איינס קליינינקע שמאָכטעלאַך, וואָס מאַכן דאָס לעבן זיסער — פּאַקטיש די גאַנצע מאַסן־פּראָדוקציע איז אויסגערעכנט אויף די פאָלקס־מאַסן אַלס קאָנסומענט. די

רייכסטע און דערפאַלגרייכסטע אונטערנעמונגען זיינען דוקא יענע, וואָס שטעלן צו אויפן מאַרק יענע ביליקע פּראָדוקטן, וואָס די מאַסע פאַרברויכט — די 5- און 10־סענטיקע קראָמען; די פאַבריקאַנטן פון 1- און 5־סענטיקע אַר־טיקלען, ווי קיי־גומי, צוקערקעס א. א. וו.; די ראַדיאָס; די קאָפּעטעריעס; אפילו אויפן געביט פון אויטאָמאָביל־פּראָדוקציע זיינען די רייכסטע פירמעס דוקא יענע, וואָס מאַכן די ביליקסטע אויטאָמאָבילן.

איך נעם זיך ניט אונטער צו אנטשיידן, צי איז אָט־די נייע דעמאָקראַטישע ציוויליזאַציע אַ פּועל־יוצא פון דער אַלגעמיינער דעמאָקראַטישער שטימונג, אָדער די דאָזיקע שטימונג איז אַ פּועל־יוצא פון דער דעמאָקראַטישער ציווי־ליזאַציע — אָבער דער פאַקט גופא, אַז אין גאַנצן לעבן הערשן אומבאגרעניצט דעמאָקראַטישע אויפפירונג און מאַ־ניערן, קען ניט פאַרלייקנט ווערן. נאָך דער אויסערלאכער קליידונג אָדער אויסזען קען מען אָפּט ניט דערקענען צווישן אָרים און רייך; אַלע טראָגן כמעט די זעלבע אָנ־צוגן, די זעלבע היט — ניט ווי אַמאָל, ווען אַן אַרבעטער האָט דוקא געטראָגן אַ היטל, אַ „קעפּ״. אויך די אידעאָ־לאָגיע פון אומגלייכקייט פעלט כמעט אינגאַנצן אין די פאַראייניקטע שטאַטן; אַן אָרימער מענש וועט ניט ארונ־טערנעמען דאָס היטל פאַר אַ רייכן, ווי דאָס איז אָפּט דער כלל אין די אַלטע אייראָפּעאישע לענדער מיט זייער טראַדיציע פון אַריסטאָקראַטיזם. אין משך פון איבער

דריי צענדליק יאָר, וואָס איך לעב אין אַמעריקע, איז מיר קיינמאָל ניט אויסגעקומען צו זען, אַז אַ רייכער מאַן זאָל האָבן די חוצפּה צוצונעמען דעם „נעקסט" אין אַן „אַטשע־רעד", אין אַ „לאַין" ביי אַן אָרימאַן, אַפילו ניט ביי אַ קינד.

און באטראכט נאָר די עמאַנציפּאַציע פון דער פרוי, וואָס איז דערגרייכט געוואָרן אונטער דעם קאַפּיטאַליזם. עס איז כמעט אומגלויבלאך, אַז אָט־די בלוטלאָזע רעוואָ־לוציע איז פאָרגעקומען אין משך פון אַזאַ קורצער צייט. און ווידער האָב איך דאָ ניט אין זינען די פּאָליטישע גלייכבארעכטיקונג פון דער פרוי, נאָר איר עקאָנאָמישע און סאָציאַלע באפרייאונג. הגם די פרוי האָט זיך נאָך אַלץ ניט דערשלאָגן צו „גלייכן געהאַלט פאר גלייכער אַרבעט", איז אָבער ממש צום שטוינען ווען מ'באטראכט צו וועלכע פּאָזיציעס די פרוי האָט דערגרייכט סיי עקאָ־נאָמיש, סיי קולטורעל און סיי אויפן געביט פון מאָראַל, וואו עס קומט איר אויס צו באקעמפן דעם צבוע'צקן, אַזוי־גערופענעם „דאָפּלטן סטאַנדאַרד".

אין אַנגעזיכט פון אָט־די פאַקטן, איז פשוט קינדעריש צו דערוואַרטן, אַז די אַמעריקאַנער האָרעפּאַשנע מאַסן זאָלן ווען־עס־איז קענען ארונטערשלינגען די אידעאָלאָגיע פון סאָציאַלער רעוואָלוציע, וואָס איר הויפּט־איינשטעל איז, אַז די פאָלקס־מאַסן וועלן קיינמאָל ניט ווערן פולשטענדיק פריי ביז זיי וועלן ניט פאַרניכטן, פיזיש פאַרניכטן די

רייכע — אַט אַזוי ווי די תורה פאַרזאָגט די אידן צו טאָן מיט די איינוואוינער פון כנען: „לא תחיה כל נשמה".

אונטער אַזעלכע אומשטענדן, איז גאָר קיין וואונדער ניט, וואָס די אַמעריקאַנער מאַסן נעמען ניט ערנסט די סאָציאַליסטישע פראָפּאַגאַנדע, וועלכע איז אַן אימפּאָר־טירטע — ניט פון אַן אַנדער לאַנד, נאָר פון אַן אַנדער צייט, וואָס איז שוין פארשוואונדן.

ווי קען מען גאָר דערוואַרטן, אַז גרויסע פאָלקס־מאַסן זאָלן זיך אָפּרופן אויף אַ פּראָפּאַגאַנדע און אויף אַ טאַקטיק, וועלכע שטעקט מיטביידע פיס און ציט איר יניקה פון דער צייט פון די „סאַן־קיולאָטן", אָדער פון דער צייט פון דער „אינדוסטריעלער רעוואָלוציע" אין ענגלאנד? אפילו אַזאַ פּראָפּאַגאַנדע, וואָס האָט געפונען אַן אויסדרוק אין אַזעלכע לידער, וואו עס ווערט באזונגען דער אַרבעטס־מאַן, וואָס ליגט אויף אַ בינטל שטרוי אין אַ קאַלטן, נאַסן, פינסטערן קעלער און שפּייט ביסלאכווייז אויס זיינע לונ־גען; אָדער דער אַרבעטער, וואָס האָט קיינמאָל ניט קיין געלעגנהייט צו זען זיין אינגעלע, וואָרים ווען ער גייט אַוועק צו דער אַרבעט שלאָפט נאָך דאָס קינד, און ווען דער טאַטע קומט צוריק פון דער אַרבעט שלאָפט ער שוין — אפילו אַט דער מין פּראָפּאַגאַנדע־לידער, פון וועלכע עס צעגיסט זיך אַ פריידיקער אומעט איבער אַלע גלידער ביי דעם רעוואָלוציאָנערן ראָמאַנטיקער, מוזן ארויסרופן אַ

שמייכל אַפילו ביי דעם אָרימסטן פאָלקס־מענש — פשוט ווייל דאָס איז היינט־צו־טאָג שוין מער ניט אמת.

געוויס איז די אָרימע מאַסן שלעכט. זייערע ליידן זיינען צווייעדיקע — סיי פסיכאָלאָגישע און סיי אַקטועלע. אין דער צייט ווען דער נאַציאָנאַלער רייכטום איז אַזאַ ריזיקער, פילן זיי אַ סך שאַרפער דעם ווייטיק, ווען זיי קענען ניט באַזאָרגן זיך און זייערע פאַמיליעס מיט די זאַכן, וואָס זיי זעען אויף אַלע זייטן ארום זיך. דערצו איז אַקטועל ביז גאָר די נויט פון אַרבעטסלאָזיגקייט און פון אומזיכערקייט. אָבער ניט געקוקט אויף דעם, קלעפן זיך צו זיי ווי אַן אַרבעס צום וואַנט די רייד, אַז זיי זיינען פרעמדע, אויסגעשלאָסענע, וועלכע האָבן גאָרניט קיין חלק אין לעבן.

וואָרים דער אמת איז דאָך, אַז נאָך קיינמאָל פריער האָבן די פאָלקס־מאַסן ניט געהאַט אַזאַ חלק אין לעבן ווי אין אונזער צייט, און אַז פּאַראַלעל מיט זייער קאַמף פאַר פאַרבעסערונגען — מיט דעם קלאַסן־קאַמף, אויב איר ווילט דוקא — איז אויך אויסגעוואקסן אין זייערע רייען אַ קרעפ־טיקער געפיל פון סאָציאַלער אָנגעהעריקייט, פון שותפותי־דיקייט.

צו דער אַלגעמיינער צוגעבונדנקייט און שותפות׳־דיקייט, וואָס דער פאָלקס־מענש פילט אין דער געמיינ־שאַפטלאכער פאָלקס־ירושה — געשיכטע, רעליגיע, קול־טור א. א. וו. — קומט נאָך צו אַלס מעכטיקער פאַקטאָר

די נייע ציוויליזאַציע, וואָס דער קאַפּיטאַליזם, טראָגט אַלע זיינע חסרונות, האָט געשאַפן; אַ ציוויליזאַציע, וואָס איז אין עצם פאַרט דעמאָקראַטיש, דערמיט וואָס די ברייטסטע פאָלקס־שיכטן געניסן ביז אַ היפּשן גראַד פון אירע ברכות.

אין דעם גוואַלדיק אויסגעוואַקסענעם אַנטייל פון די מאַסן אין דער נייער דעמאָקראַטישער ציוויליזאַציע און זייער חלק אין איר, דאַרף מען זוכן דעם איינציקן ענטפער אויף דער רעטעניש, ווי עס קומט, וואָס אומעטום, וואו די עקזיסטירנדיקע אָרדנונג געפינט זיך אין סכנה, זאַמלען זיך ארום אירע פעסטונגען, כדי זיי צו פאַרטיידיקן, ניט בלויז באוואוסטזיניקע קאָנטר־רעוואָלוציאָנערן, נאָר אויך באַדייטנדיקע פאָלקס־מאַסן.

אויב דער סאָציאַל־רעוואָלוציאָנער בלייבט שטיין אַ צעטומלטער פאַר אָט דער מאָדנער דערשיינונג און קען זי ניט פאַרשטיין, נעמט זיך דאָס דערפון, וואָס ער רעכנט זיך בלויז מיט די מאָמענטן פון געזעלשאפטלאכן אַנטאַ־גאָניזם, אָבער דעם מאָמענט פון שותפותידיקייט־געפיל לאָזט ער כמעט אינגאַנצן ארויס פון חשבון. לעבנדיק אין דער טעמפּעראַטור פון דעם רעוואָלוציאָנערן „האָט־האַוז"־איזאָלאַטאָר, באמערקט ער ניט, ווי די רעוואָלוציאָנערע סטראַטעגיע, וואָס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אין אַ צייט, ווען די פאָלקס־מאַסן זיינען ארומגעגאַנגען „אָן הויזן", איז בשום אופן ניט צוגעפּאַסט צו דער מאָדערנער צייט,

ווען דעם קאַפּיטאַליזם איז פאָרט געלונגען די מאַסן אָנ־צוטאָן אין הויזן.

אָבער די, וואָס פאַרשטייען עס יאָ, מוזן פאַרשרייבן דעם קאַטאַסטראָפאַלן צושטאַנד, אין וועלכן עס געפינט זיך היינט־צו־טאָג די סאָציאַליסטישע און אַרבעטער־באַוועגונג פון דער וועלט, אויף דער קאָנטאָ פון דעם אָפּגעלעבטן רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם און זיין סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערער סטראַטעגיע.

III

# סאָציאַלער איבערברוך

סאָציאַליסטן טראַכטן געוויינלאך וועגן סאָציאַלער רעוואָלוציע ווי וועגן בלויז אַ טאַקטיש־סטראַטעגישער פּראָבלעם. אין זייערע אויגן באַשטייט די גאַנצע פּראַגע אין דעם, ווי אַזוי צו באַזיגן די בורזשואַזיע און אַריינקריגן די מאַכט אין די אייגענע הענט אַריין. אויך די מיינונגס־פאַרשיידנהייטן אין די סאָציאַליסטישע רייען דרייען זיך אַלץ אַרום פראַגן אין שייכות מיט קאַמף־סטראַטעגיע — צי קען מען גיכער באַקומען די מאַכט דורך דעם פּאָליטישן וואַל־קאַמף, אָדער דורך אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד; צי דאַרף מען פירן פּאָליטישע קאַמפּאַניעס נאָר אַזוי לאַנג ווי עס עקזיסטירט ניט קיין „רעוואָלוציאָנערע סיטואַציע", אָדער מ'דאַרף זיי אויך פירן דעמאָלט ווען אַזאַ סיטואַציע עקזיסטירט יאָ; צי דאַרף מען זיך צופרידנשטעלן מיט אויסנוצן אַ „רעוואָלוציאָנערע סיטואַציע", אָדער מ'איז מחויב צו העלפן שאַפן אַזאַ סיטואַציע; ווען עקזיסטירט אַ „רעוואָלוציאָנערע סיטואַציע" און ווען ניט? א. א. וו.

אין די ראַנגלערייען אַרום די פראַגן וועגן דער טאַקטיק פון מאַכט־דערגרייכונג איז כמעט אינגאַנצן פאַרגעסן געוואָרן

וואָרן די הויפּט־פּראָבלעם פון סאָציאַלער רעוואָלוציע — די ווירטשאַפטלאכע איבערבויאונג פון דער געזעלשאַפט אויף נייע יסודות, און די אַן אַ שיעור פראַגן, עקאָנאָמישע און פּסיכאָלאָגישע, וואָס זיינען מיט דעם דאָזיקן פּראָבלעם פאַרבונדן. איבערהויפּט איז דאָס אמת וועגן דעם מאַרק־סיסטישן, אַזוי גערופענעם וויסנשאַפטלאכן סאָציאַליזם. דער אוטאָפּיסטישער סאָציאַליזם האָט זיך באַשעפטיקט כמעט אויסשליסלאך מיט אויסאַרבעטן פּלענער, פּראָגראַמען און אַפילו מאָדעלן פון אַ סאָציאַליסטישער ווירטשאַפט, — איז געקומען דער מאַרקסיזם און האָט פאַרדאַמט די אַלע „בליו פּרינטס" פון די אוטאָפּיסטן אַלס פּוסטע ספּעקולאַציעס, וועלכע האָבן ניט קיין שום האַפט און ווערט. די פאָרמען, וואָס אַ סאָציאַליסטישע ווירטשאַפט וועט אָננעמען, — האָט דער מאַרקסיזם גע'טענה'ט, — איז אַ פראַגע, וואָס דאַרף אינגאַנצן איבערגעלאָזן ווערן פאַר דעם „מאָרגן נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע". אונזער אויפ־גאַבע איז אַ סך אַן איינפאַכערע — אויסצונוצן דעם פאַר־שאַרפטן קאַמף צווישן אָרים און רייך, דעם קאַמף צווישן דעם שטאָטישן פּראָלעטאַריאַט און דער אינדוסטריעלער בורזשואַזיע, כדי צו העלפן דערפירן צו דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. די פּראָבלעמען גופא אָבער פון דער נייער געזעלשאַפט דאַרפן איבערגעלאָזן ווערן פאַר דער צוקונפט.

די נייע צייט, איבערהויפּט די רוסישע רעוואָלוציע, האָט באַוויזן, אַז שטרעבן צו סאָציאַלער רעוואָלוציע, אַזוי

צו זאָגן, מיט פאַרמאַכטע אויגן, איז העכסט שעדלאך; אַז אויב מיר ווילן ניט באקומען אַלס פּועל־יוצא פון סאָציאַלער רעוואָלוציע אַזוינס וועגן וואָס מיר האָבן אַפילו ניט גע־חלומ'ט מוזן מיר זיך פריער שאַפן אַ קלאָרע פאָרשטעלונג וועגן די באשטימטע צילן וואָס זי שטעלט זיך; אַז די טאַקטיק פון דער סאָציאַליסטישער און אַרבעטער־באווע־גונג הענגט ניט אָפּ בלויז פון סטראַטעגישע אויסרעכע־נונגען, נאָר אין דער ערשטער ריי פון די געזעלשאפטלאכע צילן וואָס זי שטעלט זיך.

ביז דער רוסישער רעוואָלוציע האָבן מיר געוואוסט, אַז אַ סאָציאַלע רעוואָלוציע קען זיך פאַרענדיקן אויף צוויי אופנים — אָדער מיט אַ בלוט־באָד פאַר די רעוואָלוציאָ־נערן און אַרבעטער בכלל, ווי עס איז געשען מיט דער פאַריזער קאָמונע; אָדער מיט אַ זיג פאַר די רעוואָלוציאָ־נערן. אָבער וועגן דעם, אַז אַ סאָציאַלע רעוואָלוציע מוז ברענגען מיט זיך וואוילזיין און גליק פאַר יעדערן וואָס אַרבעט, איז ביי אונז ניט געווען דער מינדסטער ספק. איז געקומען די רוסישע רעוואָלוציע און האָט אונז געוויזן עפּעס, וואָס מיר האָבן פריער ניט געוואוסט — אַז אַ זיג־רייכע סאָציאַלע רעוואָלוציע קען אונז גאָר ברענגען אומ־גליק אַנשטאָט גליק, אונטערדריקונג אַנשטאָט פרייהייט, פאַראָרימונג אַנשטאָט וואוילזיין. און דאָס האָט אונז אַוועק־געשטעלט פּנים אל פּנים פאַר דער אויפגאַבע צו איבער־קוקן און רעווידירן אונזער גאַנצן בליק אויף סאָציאַלער

רעוואָלוציע — וואָס פאַר אַ צילן די סאָציאַלע רעוואָלוציע שטעלט זיך, און צי קענען די דאָזיקע צילן דערגרייכט ווערן דורך אַ גוואַלטזאַמער רעוואָלוציע אָדער ניט.

*
**

אַלע ווייסן, אַז דער ענדציל פון סאָציאַליזם איז די איינפירונג פון עקאָנאָמישער גלייכקייט. כדי אָבער צו באַשטימען דעם בעסטן וועג צו דערגרייכן גלייכקייט איז, קודם כל, נויטיק קלאָר צו ווערן, צוליב וועלכע מאָטיוון דער סאָציאַליזם שטרעבט צו דער איינפירונג פון עקאָנאָמישער גלייכקייט.

נעמט זיך די שטרעבונג צו גלייכקייט פון דעם געפיל פון אַבסטראַקטן יושר, וועלכער שרייט צו אונז אַז עקאָנאָמישע אומגלייכקייט איז אַ פאַרברעכן וואָס מוז אָפּגעווישט ווערן? אָדער נעמט זי זיך פון דער איבערצייגונג, אַז די איינפירונג פון גלייכקייט איז דער איינציקער וועג ווי אַזוי אָפּצושאַפן אָרימקייט און עלנד צווישן מענשן, דער איינציקער וועג צו העכערן דעם דורכשניטלאכן וואויל־זיין פון פאָלק?

אויב מ'נעמט אָן, אַז עקאָנאָמישע גלייכקייט איז אַ דיקטאַט פון דעם מענשלאכן יושר, דעמאָלט ווערט די שטרעבונג צו דערגרייכן גלייכקייט אַ ציל אָן און פאַר זיך, אָפּגעזען צי דאָס ברענגט דעם פאָלק מער גליק אָדער ניט; דעמאָלט איז די פראַגע גאָר אינגאַנצן ניט קיין עקאָנאָמישע, נאָר אַ מאָראַלישע — אומגלייכקייט איז אַן עבירה, וואָס

דאַרף באַקעמפט ווערן אונטער אַלע אומשטענדן; גלייכ־קייט, ווידער, איז אַ מצוה, צו וועלכער מ'איז מחויב צו שטרעבן, אָפּגעזען פון יעדער פּראַקטישער אויסרעכענונג.

אַט דער בליק אויפן סאָציאַליזם, גלויב איך, ציט זיין יניקה פון דעם רעליגיעזן קאָמוניזם פון די איסיים, פון די ערשטע קריסטן און פון די מיטלאַלטערלאַכע מאָנאַסטישע אָרדנס, וואָס האָט געוואַרצלט אין נעגאַציע צום לעבן, אין דעם געדאַנק, אַז דאָס לעבן אויף דער וועלט איז ניט נאָר ניט וויכטיק, נאָר אַז עס איז בכלל אַן עבירה הנאה צו האָבן פון אים, אַז עס איז אַ מצוה צו געניסן וואָס ווייניקער. די בענקשאַפט צו דער „מוטער ערד", די אידעאַליזירונג פון דעם פּרימיטיוון לעבן אויפן לאַנד און די פאַראַכטונג צו דער שטאָטישער ציוויליזאַציע, וואָס איז אַזוי פאַר־שפּרייט צווישן סאָציאַליסטן מכל המינים, איז אַ גוטער עדות, אַז סאָציאַליסטן זיינען אָנגעשטעקט מיט אַ גרויסער דאָזע פון אַסקעטיזם, פון לעבנס־פאַרניינונג.

געוויס, מיין השערה לאָזט זיך דעבאַטירן. אָבער יעדנפאַלס קען קיין ספק ניט זיין, אַז יענע סאָציאַליסטן וואָס קוקן אויפן סאָציאַליזם דורך די דאָגמאַטישע שפּאַ־קולן פון גלייכקייט איבער אַלץ, זיינען גרייט מקריב צו זיין ניט נאָר דעם מאָמענטאַנעם וואוילזיין פון די מאַסן, נאָר דעם גאַנצן דור זייערן צוליב דער „מצות עשה" פון גלייכקייט.

אויב מ'נעמט אָבער אָן, אַז סאָציאַליזם שטרעבט צו

עקאָנאָמישער גלייכקייט ניט דערפאַר ווייל דאָס איז אַ מצוה אַזאַ, נאָר דערפאַר ווייל דאָס איז דער איינציקער וועג צו פאַרבעסערן דעם וואוילשטאַנד פון די פאָלקס־מאַסן, — דעמאָלט ווערט די קאַרדינאַלע זאָרג פון דער סאָציאַליסטישער באוועגונג ניט די איינפירונג פון גלייכ־קייט, נאָר די פאַרבעסערונג פון דער מערכה פון די מאַסן; דעמאָלט הערט אויף דער סאָציאַליסט צו קוקן אויף זיין ענדציל ווי אויף עפּעס וואָס איז אויסגעטיילט פון פאָלק, נאָר ווי אויף אַ זאַך וואָס וואַקסט ארויס פון די טאָג־טעגלאכע נויטן זיינע; דעמאָלט גייט ער אַריבער צו דעם איינשטעל, אַז דאָס וואָס עס איז גוט פאַר דעם פאָלק אין יעדן געגעבענעם מאָמענט איז אויך גוט פאַר דעם ענדציל; אַז דער ענדציל דאַרף דינען דעם פאָלק, אָבער דאָס פאָלק טאָר קיינמאָל ניט געבראַכט ווערן פאר אַ קרבן צוליב דעם ענדציל; דעמאָלט טוט דעם סאָציאַליסט ניט וויי דאָס האַרץ פון יעדער פאַרבעסערונג אין דער לאַגע פון די מאַסן, דערפאַר ווייל דאָס קען אפשר דערווייטערן דעם סאָציאַליסטישן קץ, נאָר, פאַרקערט, ער פרייט זיך דערמיט.

יאָ, דעמאָלט איז ער גרייט ארויסצוטרעטן קעגן אַלץ, וואָס איז שעדלאך פאַר די אינטערעסן פון די פאָלקס־מענשן פון פלייש און בלוט — אויך קעגן דעם געדאַנק פון אַ פלוצלונגער, געוואַלטזאַמער סאָציאַלער איבערקע־רעניש, ווען עס שטעלט זיך ארויס אַז די טערמינען „פאָלק",

„מאַסע", „פּראָלעטאַריאַט" א. א. וו., מיט וועלכע זי אָפּערירט, זיינען אין אמת'ן ניט מער ווי אַבסטראַקציעס, בעת דעם לעבעדיקן, ליידנדיקן פאָלק ברענגט זי נאָך מער צרות, נאָך מער ליידן.

⁂

פאַרשטייט זיך, יעדער סאָציאַליסט גלויבט, אַז אַ געפּלאַנטע סאָציאַליסטישע ווירטשאַפט איז אַ העכערער סאָציאַלער אָרגאַניזם, איז בעסער צוגעפּאַסט רייך צו מאַכן די געזעלשאַפט, איידער די קאַפּיטאַליסטישע קאָנקורענץ־סיסטעם. אַניט, וואָלט ער קיין סאָציאַליסט ניט געווען.

וואָס זיינען די הויפּט־חסרונות פון דער קאַפּיטאַליס־טישער ווירטשאַפט?

ערשטנס, איז אונטער דעם קאַפּיטאַליזם פאַראַן אַ גרויסער פּראָצענט געזעלשאַפטלאכע פּאַראַזיטן, וואָס טראָגן ביי גאָרניט אָדער ווייניק צום סכום פון דער געזעלשאַפט־לאכער פּראָדוקציע. צו אָט דער קאַטעגאָריע געהערן ניט בלויז די פּאַראַזיטן ממש, נאָר אויך אַזעלכע עלעמענטן, ווי סטאָק־ און באָנד־פאַרקויפער, רעקלאַמע־מאַכער, אַגענטן מכל המינים, יוריסטן, מוניציע־אַרבעטער א. א. וו. א. וו. אָן אַ סוף, וואָס כאָטש זיי אַרבעטן גאַנץ שווער מאַכן זיי אָבער קיינעם ניט גרינגער און ניט רייכער.

צווייטנס, איז אומגעהויער גרויס דער ניוועץ פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע, צוליב דעם וואָס די פּראָ־דוקציע־אַפּאַראַטן שטייען פּשוט לעדיק די מערסטע צייט.

ווען עס זיינען ניטאָ קיין באשטעלונגען אָדער קיין מאַרק פאַר פּראָדוקטן, וועלכע מ'זאָל קענען פאַרקויפן מיט אַ ריוח, שטייען די רעדער שטיל. דער אַרבעטס־פאַרלוסט דורך קאַמפן צווישן קאַפּיטאַל און אַרבעט איז אַ שיבעש לגבי דעם אַרבעטס־פאַרלוסט דורך דער פּלאַנלאָזיקייט בכלל פון דער ווירטשאַפט. אַפילו די פאַבריקן פון דער „יונייטעד סטייטס סטיל קאָרפּאָריישאָן", וועלכע האָט אַ פאַקטישע מאָנאָפּאָליע איבער דער שטאָל־אינדוסטריע, און אַלס אַזעלכע קען זי בעסער אויספּלאַנעווען און אויסלעגן די אַרבעט, זיינען אין דער סאַמע העכסטער „פּראָספּע־ריטי" באַטריבן געוואָרן בלויז אויף 85 פּראָצענט פון זייער קאַפּאַציטעט. מ'קען זיך שוין פאָרשטעלן ווי הויך עס איז דער אַרבעטס־פאַרלוסט אין די ווייניקער אָרגאַ־ניזירטע אינדוסטריען.

דריטנס, קומט אַ מאָמענט אין דער אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם ווען דער טעכנישער פּראָגרעס פון דער אינ־דוסטריע שטעלט זיך אָפּ. פון איין זייט, האָט דער קאָנ־קורענץ־געיעג טאַקע גוואַלדיק געהאָלפן אַנטוויקלען די טעכניק; פון דער אַנדערער זייט אָבער דערגייט עס אָפט צו אַ פונקט ווען די ווייטערע אַנטוויקלונג לוינט זיך מער ניט פאַר די קאַפּיטאַליסטן. עס איז אַ באוואוסטער פאַקט, אַז די גרויסע מאָנאָפּאָליעס קויפן־צונויף פאַרשיידענע בייע דערפינדונגען, כדי אַנדערע זאָלן זיי ניט קענען אָפּקויפן, אָבער אַליין באַנוצן זיי זיך ניט מיט זיי, ווייל עס וואָלט

געקאָסט צופיל געלט איבערצובויען און אויסצובעסערן די אַלטע פאַבריקן און מאַשינען, הגם דאָס וואָלט באַדייטנד ביליקער געמאַכט די פּראָדוקציע. די מאָנאָפּאָליעס זיינען מער פאַראינטערעסירט אין ניט דאַרפן אריינלעגן נייעם קאַפּיטאַל איידער אין ביליקער מאַכן די פּראָדוקטן און צופרידנשטעלן וואָס מער מענשלאַכע פאַרלאַנגען. די פּלאַנלאָזיגקייט דערלאָזט בכלל ניט צו קיין פולשטענדיקער גלייכמעסיקייט אין דער טעכניק. זייט ביי זייט מיט די בעסטע זיי, שנייד און דרעש־מאַשינען אַרבעטן מיליאָנען מענשן מיט פאַרעלטערטע געצייג, — פּשוט ווייל זיי האָבן ניט די מיטלען זיך איינצושאַפן די לעצטע מאַשינען. זייט ביי זייט מיט די נייעסטע דרוק־מאַשינען, ווערן נאָך באַנוצט צענדליקער טויזנטער קריכנדיקע, אָפּגעלעבטע מאַשינען, וואָס זייער פּראָדוקטיוויטעט איז ניט קיין העלפט — און אַלץ דערפאַר, ווייל אָדער עס לוינט זיך ניט ארויסצוּוואַרפן די אַלטע מאַשינען און אריינשטעלן נייע, אָדער עס פעלט דער נויטיקער קאַפּיטאַל דערצו. דאָס זעלבע קען מען זען אין אַלע אינדוסטריען, מיט דער אויסנאַם פון די גרויסע מאָנאָפּאָליעס. הינטער יעדן מעכטיקן מאָטאָר קריכט ערגעץ נאָך אַ בידנע קליאַטשע. און אַ שיער מענשלאַכע אַרבעט גייט אין ניוועץ צוליב דעם, ווייל עס פעלט אָרדנונג, פּלאַן.

אויף דער אויסמיידונג פון אָט־די און אַנדערע ניוועצן מאַכט דער סאָציאַליזם זיין חשבון רייכער צו מאַכן די

געזעלשאפט — רייך צו מאַכן איר כדי צו קענען באַפרידיקן די אַלע וואַקסנדיקע מענשלאכע פאַרלאַנגען.

אָט די סאָציאַליסטישע אויסרעכענונגען קענען ניט באוויזן ווערן מאַטעמאַטיש אָדער לאַבאָראַטאָריש. ווען מ׳זאָל בויען אינגאַנצן אויף מענשלאכער דערפאַרונג, וואָלט מען געמוזט ארויסטראָגן אַן אורטייל קעגן דעם סאָציאַליסטישן געדאַנק. די גאַנצע מענשלאכע דערפאַרונג ווייזט, אַז דער מאָטיוו פון פערזענלאכן געווינס איז אַ גוואַלדיקער כח וואָס טרייבט אונטער די געזעלשאפט אויפן וועג פון פראָגרעס. די סאָציאַליסטישע אויסרעכענונגען זיינען באַזירט אויף דער אָפּשאַצונג, אַז די געווינסן פון אַ געפּלאַנטער סאָציאַליסטישער ווירטשאפט וועלן פילפאַך פאַרגיטיקן פאַר די פאַרלוסטן צוליב דער פאַרקלענערטער פריוואַטער איניציאַטיווע, וואָס אַ קאָלעקטיוויסטישע ווירטשאפט מוז אָן ספק פאַראורזאַכן. אויף אַזוי ווייט איז סאָציאַליזם אַ האָפענונג, אויב איר ווילט, אַ גלויבן — אַ גלויבן וואָס ציט זיין יניקה טאָקע פון דעם אוראַלטן משיחישן בענקען פון דער מענשלאכער נשמה נאָך יושר, נאָך גלייכקייט. ווען עס זאָל זיך אָבער ארויסשטעלן אָן שום צווייפל, אַז אַ קאָלעקטיוויסטישע ווירטשאפט מוז אומפארמיידלאך פירן צו אַ פאַרקלענערטער פּראָדוקטיוויטעט, צו אַ פאַראָרימונג פון דער געזעלשאפט, צו סטאַגנאַציע, — וואָלט סאָציאַליזם געמוזט פאַרוואָרפן ווערן אַלס אַ רעאַקציאָנערער געדאַנק, און פּראָגרעסיווע מענשן וואָלטן זיך פון אים אָפּגעקערט.

דער מאָדערנער סאָציאַליסט גלויבט אין סאָציאַליזם ניט בלויז דערפאַר ווייל ער איז די העכסטע פאָרם פון יושר, נאָר קודם כל דערפאַר ווייל לויט זיין מיינונג איז די קאָלעקטיוויסטישע ווירטשאפט די העכסטע פאָרם פון געזעלשאפטלאכער אָרגאַניזאַציע, וואָס קען בעסער צופרידן שטעלן דעם אומגעהויערן „סחורות־הונגער" פון דער מענשהייט און ברענגען דעם העכסטן מעגלאכן גליק פאַר דעם איינצלנעם מענשן.

צוגייענדיק צו סאָציאַליזם און סאָציאַליסטישער טאַקטיק פון אָט דעם שטאַנדפונקט, מוז די געוואַלטזאַמע סאָציאַלע רעוואָלוציע צוריקגעוויזן ווערן אַלס געזעלשאפטלאך רעאַקציאָנער, וואָרים דער פלוצלונגער, מיטאַמאָליקער סאָציאַלער איבערברוך פירט אומפארמיידלאך צו דעזאָרגאַניזאַציע, צו געזעלשאפטלאכער פאַראָרימונג און צו אַנדערע אַנטי־סאָציאַלע קאָנסעקווענצן.

***

ווען דער סאָציאַל־רעוואָלוציאָנער רעדט וועגן רעוואָלוציע האָט ער אייגנטלאך פאַר זיין גייסטיקן אויג אָ פאָרשטעלונג ניט פון אָ סאָציאַלער, נאָר פון אָ פּאָליטישער רעוואָלוציע. ביז דער רוסישער רעוואָלוציע איז אין דער גאַנצער מענשלאכער געשיכטע ניט פאָרגעקומען קיין איינציקער פאַל, ווען אָ געזעלשאפטלאכע אָרדנונג זאָל זיך האָבן איבערגעביטן לויט אַ פּלאַן, לויט אָ טעאָרעטישן פּראָגראַם אָדער „בליו פרינט".

אויך אַ טיף־גייענדיקע פּאָליטישע רעוואָלוציע רייסט אַרויס דאָס אַלטע לעבן ביז די וואָרצלען מיט דעם כח פון אַן אָרגאַן, אָבער אַ פּאָליטישע רעוואָלוציע איז פּאָרט ניט מער ווי אַ הויף־רעוואָלוציע, וואָס רירט קנאַפּ־וואָס אָן די טאָג־טעגלאַכע לעבנס־געוואוינהייטן פון פאָלק. אַ סאָציאַלע רעוואָלוציע איז אָבער גאָר עפּעס אַנדערש. זי פאַרנעמט זיך איבערצובויען דאָס גאַנצע מענשלאַכע לעבן ביז אירע סאַמע וואָרצלען; איבערברעכן די גאַנצע היסטאָרישע דערפאָרונג; איבעראַנדערשן דעם מענשנס געוואוינהייטן, זיין דענקונגס־אַרט, זיין פּסיכיק — דעם מענשן גופא.

די דורכפירונג פון אַט אַזאַ רעוואָלוציע איז אַן אויפגאַבע כמעט אַן איבערמענשלאַכע. גרויסע פאָלקס־שיכטן דאַרפן אַריבערגעפירט ווערן פון אומפּראָדוקטיווע אויף פּראָדוקטיווע באַשעפטיקונגען. באַדייטנדע לוקסוס־אינדוסטריען דאַרפן טיילווייז אָדער אינגאַנצן ליקווידירט ווערן, מחמת פאַרלויפיק איז די געזעלשאַפט נאָך ניט רייך גענוג צו באַזאָרגן מיט לוקסוס דאָס גאַנצע פאָלק אַפילו אין אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט. לכל הפחות אין אירע ערשטע סטאַדיען, וועט זי זיין געצוואונגען איינצושטעלן די ווירטשאַפט אַזוי אַז זי זאָל זיין אימשטאַנד קודם כל צופרידן צו שטעלן די נויטן פון די ברייטע פאָלקס־מאַסן. חוץ דעם וועט די גאַנצע אינדוסטריע דאַרפן ראַציאָנאַליזירט ווערן.

עס איז גענוג בלויז אויבערפלעכלאך אָנצואוואַרפן די פּראָבלעמען פון אַ סאָציאַליסטישן איבערבוי פון דער ווירט־שאַפט, אַז עס זאָל אָנהויבן שווינדלען אין קאָפּ. אָט אַ באַוער, צום ביישפּיל, האָט אַמאָל אָפּגעשאַצט, אַז איבער־בויען די אינדוסטריע אין עסטרייך אויף סאָציאַליסטישע יסודות דאַרף נעמען ארום פופציק יאָר. אמת, עסטרייך איז ניט צווישן די הויך־אַנטוויקלטע אינדוסטריעלע לענ־דער. עס איז אָבער אַ טעות צו מיינען, אַז אין די הויך־אַנטוויקלטע לענדער וועלן די פּראָבלעמען פון איבערבוי זיין וועניקער קאָמפּליצירט און וועלן פאָדערן וועניקער ענערגיע, פעאיקייט און זשעניע.

אין פאַרגלייך מיט אָט דער הערקולעאישער אויפ־גאָבע איז די פאַרכאַפּונג פון דער מאַכט באמת ניט מער ווי אַ שפּילכל. געוויס, יעדער פּרואוו צו פאַרכאַפּן די מאַכט מוז ארויסרופן אַ ווידערשטאַנד מצד יענע וואָס האַלטן די מאַכט פון פריער. דער ניוטאָנישער געזעץ, אַז „צו יעדער אַקציע איז תמיד פאַראַן אַ גלייכע און פאַר־קערטע רעאַקציע", איז גילטיק ניט בלויז אין דער פיזיקע נאָר אויך אין דער סאָציאָלאָגיע. וואָס איז דען די דער־שיינונג פון פאַשיזם, אויב ניט אַ דירעקטע רעאַקציע צו דער קאָמוניסטישער אַקציע אין רוסלאַנד?! אודאי טאָרן די רעוואָלוציאָנערע סטראַטעגן ניט איגנאָרירן אָט דעם כח בעת זיי מאַכן זייערע פּלענער פון מאַכט־פאַרכאַפּונג. אָבער אַ סך אַ שווערערע פּראָבלעם ווי די מאַכט־פאַרכאַפּונג

איז — וואָס צו טאָן מיט דער מאַכט נאָכדעם ווי מ'האָט זי שוין פאַרכאַפּט.

אין דער צייט וואָס קעגן דער מאַכט־פאַרכאַפּונג קומט די רעאַקציע פון די פּריווילעגירטע שיכטן, קומט אָבער די רעאַקציע קעגן דער גוואַלטזאַמער דורכפירונג פון סאָ־ציאַליזם פון די סאַמע אינגעווייידן פון פאָלק גופא.

רוסלאַנד איז יענע סאָציאַלע לאַבאָראַטאָריע, וואו עס ווערט דעמאָנסטרירט ווי אַזוי אַ פּלוצלונגער סאָציאַלער איבערברוך אַרבעט זיך אויס אין דער פּראַקטיק.

כדי ארויסצוקומען זיגרייך, מוז די רעוואָלוציע קודם כל לאָזן אין גאַנג אַלע דעסטרוקטיווע אינסטינקטן, וואָס שלומערן ערגעץ אין די טיפענישן פון יעדן מענשן. דער סטראַטעג פון דער רעוואָלוציע ווייס זייער גוט, אַז וואָס מער די דאָזיקע אינסטינקטן צעשפּילן זיך, אַלץ גרינג־לאַכער און אנטשיידנדיקער איז די רעוואָלוציע, און ער טוט אַלץ אויפצובלאָזן די מענשלאַכע ליידנשאַפטן אין אַ פלאַם, וואָס פאַרצערט גרויזאַם גרויסע צאָלן מענשן, אומ־שולדיקע צוגלייך מיט שולדיקע. לענין האָט זייער גוט פאַרשטאַנען די סטראַטעגיע פון רעוואָלוציע; ניט אומ־זיסט האָט ער אָפּגע'חוזק'ט פון יענע ווייכהאַרציקע חברים זיינע וועלכע האָבן זיך געשראָקן פאַר טויט־שטראָף, און האָט קוועטשנדיק מיט די פּלייצעס געזאָגט: „אַ רעוואָ־לוציע אָן טויט־שטראָף — וואָס איז דאָס פאַר אַ רעוואָ־לוציע?"

די צווייטע סטאַדיע פון רעוואָלוציע קומט נאָכדעם ווי די מאַכט־פאַרכאַפּונג איז שוין דורכגעפירט. דעמאָלט אַנטשטייט די פּראָבלעם פון צוריק אײַנטושן דעם פאַר־צוקנדיקן פּלאַם, פון צוריק אויפשטעלן יענע געזעלשאַפט־לאַכע דיסציפּלין אָן וועלכער עס איז אוממעגלאַך עפּעס קאָנסטרוקטיוועס אויפצוטאָן. מ'פּרואווט מיט גוטן — דורך רייד, דורך פּראָפּאַגאַנדע; אָבער דאָס ווירקט ניט. די מאַסן גייען ארום ווי פאַר'שיכור'טע און יובלען איבער דעם זיג, און דערווייל פאַלט די פּראָדוקציע, דער געזעל־שאַפטלאַכער חורבן ווערט אַלץ גרעסער, און כדי צו פאַר־מיידן אַ קאַטאַסטראָפע איז מען געצוואונגען צו נעמען אַ בייטש אין דער האַנט און טרייבן די מאַסן צוריק אין שפּאַן אריין.

דעמאָלט קומט אָן די דריטע סטאַדיע פון דער רעוואָ־לוציע — די דיקטאַטור. זי, די דיקטאַטור, איז אַן אומ־פאַרמיידלאַכע דערשיינונג ווען מ'איז אַנטשלאָסן דורכצו־פירן די רעוואָלוציע ביז צו איר סאַמע לאָגישסטער קאָנ־סעקווענץ. מ'קען דעמאָלט ניט פרעגן ביים פאָלק זיין מיינונג, צי איז ער צופרידן צו ברענגען די קרבנות, וואָס דער איבערבוי פאָדערט, וואָרים דאָס פאָלק וואָלט זיכער ניט מסכים געווען זיך מקריב צו זיין פאַר דער צוקונפט. שטעלנדיק זיך אַלס ציל ניט דאָס וואָס עס איז גוט פאַר דעם פאָלק אין דעם איצטיקן מאָמענט, נאָר צילן ווייטע, אידעאַלע, מוז די דיקטאַטור דערפירן וואָס ווייטער צו

אַלץ אַ טיפערער שפּאַלטונג צווישן דעם פאָלק און איר. דאָס פאָלק ווייזט ארויס אַ ווידערשטאַנד דער דיקטאַטור — אויב ניט אין אַן אַקטיווער פאָרם, איז אין אַ פּאַסיווער פאָרם — און דאָס, ווידער, פירט צו אונטערדריקונג, צו רעפרעסיעס, צו טעראָר — צו אַט דעם גאַנצן שווידער, צו וועלכן רוסלאַנד איז דערפירט געוואָרן.

און וואָס שאַרפער עס איז דער ווידערשטאנד פון פאָלק קעגן די מעטאָדן פון דער דיקטאַטור, אַלץ שווערער ווערט דער סאָציאַליסטישער אויפבוי, אַלץ שווערער איז אויפצוהויבן די געזעלשאפטלאכע פראָדוקטיוויטעט — וואָס איז, ווי מיר האָבן געזען, דער ערשטער באדינג פאַר דעם דערפאָלג פון אַ סאָציאַליסטישער ווירטשאפט.

אָט דאָס איז דער וועג פון סאָציאַלן איבערברוך. קיין אַנדערער איז ניטאָ. איבער דעם זעלבן מאַרטירער־וועג וועט מוזן גיין דאָס פאָלק אומעטום, וואו עס וועט געמאַכט ווערן דער פּרואוו איבערצובויען די געזעלשאפטלאכע אָרדנונג מיטאַמאָל.

* * *

פאַר דער מערקווירדיקסטער דערשיינונג פון אַלע צייטן, פאַר די פאָרמען וואָס דער ערשטער פּרואוו דורכ־צופירן אַ סאָציאַלע רעוואָלוציע האָט אָנגענומען אין רוס־לאַנד, בלייבט שטיין דער סאָציאַליסט מיט אַן אַראָפּגע־לאָזטן קאָפּ און מיט אַ וויטיק אין האַרצן. אויב ער האָט נאָך דערצו אַ שאַרפן געפיל פון פאַראַנטוואָרטלאכקייט,

ווערט זיין האַרץ צעפּרעסן פון דעם וואָרים פון חרטה, און ער שלאָגט זיך אין דער ברוסט „על חטא", וואָרים ער פילט, אַז אינדירעקט האָט ער אויך אַ חלק אין דעם וואָס עס קומט פאָר אין רוסלאַנד.

יאָ, אַלע סאָציאַליסטן טראָגן ביז אַ געוויסן גראַד די מיטפאַראַנטוואָרטלאכקייט פאַר דעם, וואָס עס קומט פאָר אין רוסלאַנד — דערמיט וואָס זיי אַליין האָבן געהאָלפן דערפירן דערצו, דערמיט וואָס זיי האָבן גערעדט רייד וואָס זיי האָבן ניט ווי געהעריק פאַרשטאַנען, דערמיט וואָס זיי האָבן אַגיטירט פאַר דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט ניט האָבנדיק די מינדסטע פאָרשטעלונג ווי אַזוי אַזאַ דיק־טאַטור וועט אויסזען. און די פאַראַנטוואָרטלאכערע צווישן זיי פילן טיף אין האַרצן, אַז דאָס סאַמע ווייניקסטע וואָס זיי קענען טאָן מכפּר צו זיין אויף זייערע פעלערן איז . . . וואָרענען קעגן אַן איבער׳חזר׳ונג פון דעם רוסישן עקס־פּערימענט ערגעץ אַנדערש־וואו.

דאָ גייט ניט וועגן דעם, ווער עס זיינען די בעסערע מאַרקסיסטן — די רעוואָלוציאָנערן אָדער די מעסיקע סאָציאַליסטן. עס איז זייער מעגלאך, אַז מאַרקס אַליין האָט אויך ניט געהאַט קיין קאָנקרעטע פאָרשטעלונג ווי אַזוי דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט וועט אויסזען אין דער ווירק־לאכקייט. אָבער וואָס איז די נפקא מינה, צי מאַרקס האָט דעם ענין פאַרשטאַנען ווי געהעריק אָדער ניט, צי ער האָט געזאָגט אַזוי אָדער אַנדערש. וויכטיקער איז וואָס

דאָס לעבן גופא האָט אונז באוויזן. מאַרקס האָט זיך זייער וועניק צערעמאָנירט מיט אַלע סאָציאַליסטישע דענקער פאַר אים און ער האָט זיי פאַרדאַמט אַלס אוטאָפּיסטן; איז געקומען דאָס לעבן אַליין און האָט פעסטגעשטעלט, אַז דער גרעסטער און שעדלאַכסטער אוטאָפּיזם פון אַלע איז דער פּלוצלונגער סאָציאַלער איבערברוך — און אויב מאַרקס האָט זיך די זאַך פאָרגעשטעלט אַזוי ווי זי איז איצט, איז ער אַליין געווען דער ווילדסטער פון אַלע אוטאָפּיסטן.

דאָס לעבן האָט באוויזן, אַז אַפילו ווען דער סאָציאַלער איבערברוך זאָל סוף כל סוף פאַרט פירן צו אמת'ן סאָציאַליזם — לאָמיר זאָגן אין 25 אָדער 50 יאָר צייט — זיינען אָבער די קרבנות, וואָס ער פאָדערט, אַזעלכע מאוימ'דיקע, אַז קיינער האָט ניט די מאָראַלע רעכט זיי צו אָפּפערן.

אָבער איין זאַך האָט דאָס לעבן נאָך ניט באוויזן קלאָר און אומצווייפלדייטיק, און דאָס איז — צי איז טאַקע ניטאָ קיין אַנדער וועג צו סאָציאַליזם ווי דער סאָציאַלער איבערברוך?

איז טאַקע באמת קיין אַנדער וועג ניטאָ?

# IV

# סאָציאַלער רעפאָרמיזם

דער סאָציאַליסט, וואָס איז בכח זיך צו באפרייען פון דער משיחיש־רעוואָלוציאָנערער ראָמאַנטיק, און הויבט אָן צוגיין צו סאָציאַלע פּראָבלעמען קריטיש־פריי, — כאַפּט זיך מיט דער צייט, אַז די גאַנצע סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערע אידעאָלאָגיע איז באַזירט אויף איין גרויסן הויפּט־טעות — אויף אַ צעמישונג פון די צוויי באגריפן „קאַמף" און „רעוואָלוציע".

דער רעוואָלוציאָנערער אידעאָלאָג מיינט, אַז „קאַמף" און „רעוואָלוציע" זיינען אַ מין סיאַמער צווילינג, וועלכע קענען בשום אופן ניט אָפּגעטיילט ווערן איינס פון דאָס אַנדערע; אַז קאַמף מוז נויטווענדיקערווייז פירן צו רע־וואָלוציע; אַז רעוואָלוציע איז דער שפּיץ פון געזעל־שאפטלאכן קאַמף; אַז אָן רעוואָלוציע איז בכלל קיין פּראָגרעס ניט מעגלאך.

אָנפאַנגענדיק מיט אָט דעם בליק אויף געזעלשאפט־לאכער אַנטוויקלונג, ווערט רעוואָלוציע ביי דעם סאָציאַל־רעוואָלוציאָנער דער אַלערהעכסטער ענדציל, בעת קאַמף איז ביי אים בלויז אַ מיטל צו דעם געגאַרטן ענדציל, צו

דער סאָציאַלער רעוואָלוציע; ארויסגייענדיק פון אָט דעם שטאַנדפּונקט, ווערט די גאַנצע טאַקטיק פון סאָציאַל־רעוואָלוציאָניזם באשטימט פון ריין־סטראַטעגישע באטראכטונגען.

אויב אַן רעוואָלוציע איז ניט מעגלאך קיין געזעל־שאפטלאכער פּראָגרעס, האָט דאָך דער טאָג־טעגלאכער קאַמף אַ זין נאָר אויף אַזוי ווייט ווי ער העלפט דערפירן צו דער רעוואָלוציע; אויב די סאָציאַלע רעוואָלוציע איז די איינציקע האָפענונג פאַר דער מענשהייט, דעמאָלט האָבן די טאָג־טעגלאכע קאַמפן פון די מאַסן פאַר באַלדיקע פאַר־בעסערונגען אַ באַדייטונג נאָר אויף אַזויפיל, אויף וויפיל זיי זיינען מאַנעוורעס, צוגרייטונגען צו דעם ענדגילטיקן קאַמף; אויב רעוואָלוציע איז דער גאַנצער ציל פון קאַמף, דעמאָלט איז דער הויפּט צוועק פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אויסצומושטירן אַרמייען פאַר דער רעוואָלוציע.

דעריבער גייט עס דעם רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם ממש אין לעבן מבטל צו מאַכן די באַדייטונג פון יענע מענשלאכע און קולטורעלע ווערטן, וואָס אַלע קלאַסן פון אַ געגעבענעם פאָלק באַזיצן בשותפות, און צו איבער־טרייבן געוואַלדיק די באַדייטונג פון דעם קאַמף צווישן די קלאַסן. דער זיג פון אַן אַרמיי אין אַ מלחמה הענגט אָפּ ניט בלויז פון בעסערע געווער און פון אַ גרעסערער צאָל סאָלדאַטן, נאָר הויפּטזעכלאך פון דער „מאָראַל" פון דער אַרמיי, פון דעם גראַד שנאה וואָס פלאַקערט אין האַרצן פון יעדן סאָלדאַט צום שונא. דעריבער טאַקע זוכט דער

סאָציאַל־רעוואָלוציאָניזם אויפצובלאָזן דעם פייער פון שנאה צווישן די קלאַסן אַ סך מער ווי דער טאָג־טעגלאכער קאַמף פאָדערט עס; דעריבער זוכט ער צו געבן די אַר־בעטער אַ נייע אידעאָלאָגיע, נייע ימים טובים, אַ נייע קולטור, נייע היליקע, אַ נייע רעליגיע, אַפילו אַ נייע נאַציע — די נאַציע פון פּראָלעטאַריאַט, אַ „פּראָלעטאַריש פאַטערלאַנד", דאָס אַלץ דאַרף דינען ווי אַ שאַרפער ווייַן מיט וועלכן צו פאַר'שיכור'ן די רעוואָלוציאָנערע חיילות, כדי זיי זאָלן אינגאַנצן פאַרגעסן אָן די געמיינשאַפטלאכע פעדים וואָס פאַרבינדן זיי מיט די איבעריקע קלאַסן פון דער געזעלשאַפט, און זיי זאָלן אָנהויבן קוקן אויף זייערע קלאַסן־שונאים ווי אויף אַן אויסערלאכן פיינט, וועלכער דאַרף פאַרניכטעט ווערן אָן שום רחמנות.

דער פּראַגמאַטישער סאָציאַליסט, וואָס די סאָציאַליס־טישע דאָגמע קען אים ניט מאַכן בלינד און טויב צו דער דערפאַרונג פון טאָג־טעגלאכן לעבן, זעט־איין, אַז די גאַנצע סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערע טאַקטיק איז געבויט אויף פאַלשע אויסרעכענונגען — אויף נביאות פון סאָציאַליסטישע טרוי־מער, וואָס דאָס לעבן האָט באוויזן אַז זיי זיינען ניט מער ווי „קינדער פון וואונש".

דער פּראַגמאַטישער סאָציאַליסט מוז אָנערקענען, אַז קאַרל מאַרקס' נביאות און פאָראויסזאָגונגען מיט דריי־פערטל יאָרהונדערט צוריק זיינען בשום אופן ניט באַ־שטעטיקט געוואָרן פונם לעבן. די אַנטוויקלונג פון דער

קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט האָט ניט געפירט צו דער פאַראָרימונג פון די מאַסן, נאָר פאַרקערט, צו אַ פאַרבע־סערונג פון זייער וואוילשטאַנד, און במילא אויך צו אַ פאַר־שטאַרקטן געפיל פון שותפות׳דיקייט אין דעם נאַציאָנאַלן רייכטום; דער שטאַטישער פּראָלעטאַריאַט איז ניט גע־וואָרן נומעריש די איבערוועגנדע מערהייט פון דער באַ־פעלקערונג, און כדי עפּעס אויפצוטאָן מוז ער אָנקומען צו דער מיטהילף פון אַנדערע, גרעניץ־קלאַסן; דער פּראָלע־טאַריאַט אַליין, ווידער, איז צעטיילט אין פאַרשיידענע שיכטן אָדער קאַטעגאָריעס, און איז בשום אופן ניט יענע געזעל־שאַפטלאכע אייַנהייט, וואָס מאַרקס האָט זיך פאָרגעשטעלט אַז ער וועט זייַן.

מאַרקס׳ אויסרעכענונגען, אַז דער שטאַטישער פּראָ־לעטאַריאַט אַלס גאַנצער וועט זיך אייַנשטעלן פאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציע האָט זיך ארויסגעשטעלט פאַר אַ האָפענונג, וואָס איז ניט מקוים געוואָרן. אַנשטאָט דעם, וואָס לויט מאַרקס׳ן איז אויסגעקומען, אַז דער אייַנציקער מעגלאכער קעגנער פון סאָציאַלער רעוואָלוציע צווישן די אַרבעטער וועט זייַן דער לומפּן־פּראָלעטאַריאַט, די ארויס־געשטויסענע פון דער פּראָדוקציע, שטעלט זיך ארויס אַז גאַנץ באַדייטנדע שיכטן פון פּראָדוקטיוו־באַשעפטיקטע אַר־בעטער באַציען זיך נעגאַטיוו צו יעדן סאָציאַל־רעוואָלו־ציאָנערן געדאַנק. דאָס איז ספּעציעל אמת וועגן די אַר־בעטער אין די הויך־אַנטוויקלטע לענדער, וואו דער לעבנס־

סטאַנדאַרד פון די מאַסן איז אַ פאַרהעלטניסמעסיק הויכער, און אויב די אַנטוויקלונג זאָל ווייטער גיין אין דער זעלבער ריכטונג ווי ביז איצט איז ניט אויסגעשלאָסן אַז מיט דער צייט זאָל דער לומפּן־פּראָלעטאַריאַט ווערן דער איינציקער אַרבעטער־כח וואָס וועט זיך איינשטעלן פאַר סאָציאַלער רעוואָלוציע.

דער פּראַגמאַטישער סאָציאַליסט איז דעריבער גע־צוואונגען צו פאַרוואַרפן דעם גאַנצן געדאַנק פון געוואַלט־זאַמער סאָציאַלער רעוואָלוציע.

אַלס צוגאָב צו אָט די, אַזוי צו זאָגן, ריין־סטראַטע־גישע טעמים קומט נאָך צו דער פונדאַמענטאַלער טעם, אַז איבערבויען די געזעלשאַפטלאַכע אָרדנונג מיט אַמאָל איז איבערהויפּט אַן אוממעגלאַכקייט; אַז אַזאַ פאַרזוך איז דאָסזעלבע ווי בויען אַ טורם צום הימל, פון וואָס עס מוז אַרויסקומען אַ דור הפלגה, אַ צעמישעניש, וואָס מוז פירן צו אָן אַ סוף לײַדן פאַר דעם פאָלק.

צוליב אָט די אַלע טעמים פאַרוואַרפט דער פּראַגמאַ־טישער סאָציאַליסט דעם וועג פון סאָציאַלער רעוואָלוציע, פון פּלוצלונגן סאָציאַלן איבערברוך, אַלס שעדלאַך, אַלס אַן אומגליק פאַר די לעבעדיקע מאַסן, און אַנשטאָט סאָציאַ־לער רעוואָלוציע הויבט ער אויף די פאָן פון סאָציאַלן רעפאָרמיזם.

***

דער סאָציאַלער רעפאָרמיזם לייקנט, אַז קאַמף און

רעוואָלוציע זיינען איינס און דאָסזעלבע; אַז קאַמף מוז פירן צו רעוואָלוציע; אַז אָן רעוואָלוציע איז ניט מעג־לאַך קיין פּראָגרעס.

קאַמף איז אַ געזעץ פון עקזיסטענץ, פון לעבן גופא. אָן קאַמף איז טאַקע באמת קיין פּראָגרעס ניט מעגלאַך. אָבער רעוואָלוציע איז בשום אופן ניט קיין מוז־זאַך. נאָר דעמאָלט און דאָרט, וואו דער וועג פון געזעלשאַפטלאַכן קאַמף איז פאַרשטעלט דורך ברוטאַלער געוואַלט, קומט די רעוואָלוציע און צעשמעטערט די קינסטלאַכע דאַמבעס אויף זיין וועג. רעוואָלוציע איז אָבער ניט דער ציל פון קאַמף, נאָר אַ מיטל פריי צו מאַכן דעם וועג פאַר אים.

און וואו זיינען די באַווייזן, אַז אָן רעוואָלוציע איז ניט מעגלאַך קיין פּראָגרעס? אַט האָט דאָך די וועלט גאַנץ היפּש פּראָגרעסירט אָן סאָציאַלע רעוואָלוציעס! אַט זיינען דאָך די לעבנס־באַדינגונגען פון די פאָלקס־מאַסן ממשות׳־דיק פאַרבעסערט געוואָרן אין די לעצטע צוויי דורות אָן בלוטיקע רעוואָלוציע, — פון וואַנען־זשע איז געדרונגען, אַז די זעלביקע אַנטוויקלונג קען ניט אָנגיין אויך ווייטער אָן אַ סאָציאַלן איבערברוך?

ניט אויף רעוואָלוציע בויט דער סאָציאַלער רעפאָר־מיזם זיינע האָפענונגען, נאָר אויף געזעלשאַפטלאַכער אַנט־וויקלונג און קאַמף.

אָבער דער בליק פון סאָציאַלן רעפאָרמיזם סיי אויף געזעלשאַפט, סיי אויף געזעלשאַפטלאַכער אַנטוויקלונג און

סיי אויף דעם קאַמף וואָס גייט אָן אין דער געזעלשאפט איז אַ גאַנץ אַנדערער ווי דער בליק פון דעם סאָציאַל־רעוואָלוציאָניזם.

די געזעלשאפט איז ניט אַ טויטער אַריפמעטישער סכום פון איינצלנע מענשן אָדער קלאַסן. זי איז מער ווי דאָס. זי איז אַן אָרגאַניזם מיט אַן אייגענער עקזיסטענץ. הגם די באזונדערע קלאַסן אירע מעגן זיך פירן אַ קאַמף צווישן זיך, וואָס דערגרייכט אָפט ביז פאַרצווייפלונג, זיינען אָבער די קלאַסן פאַרט אברים פון דעם געזעלשאפטלאכן אָרגאַניזם, וואָס ווערן באווירקט דורך זיין עקזיסטענץ און דורך זיינע אינטערעסן. איבער דעם אינטערעס פון יעדן באזונדערן אבר שטייט דער אינטערעס פון דעם כלל, פון דער געזעלשאפט, און נאָר דעמאָלט ווען דער „אינטערעס" פון אַן איינצלנעם אבר פאַלט צוזאַמען מיט דעם „אינ־טערעס" פון דעם גאַנצן אָרגאַניזם ווערט עס דער ענין פון דער גאַנצער געזעלשאפט.

דער סאָציאַלער רעפאָרמיזם באטראכט ניט דעם אַר־בעטער־קלאַס פאַר אַ נייער ראַסע, אויף וועלכער עס ליגט אַ מיסיע אויפצובויען אַ נייע געזעלשאפט. דאָס איז ניט מער ווי איבערטריבענע מליצה. די געזעלשאפט דאַרף נישט ערשט געשאַפן ווערן; זי עקזיסטירט שוין טויזנטער יאָרן. און אַן אַרבעטער איז פונקט אַזאַ אָרגאַנישער טייל פון איר, ווי איינער פון אַן אַנדער קלאַס. די אַלע רייד פון רעוואָלוציאָנערן וועגן דעם, אַז דער אַרבעטער איז אַ

נייער מין מענש; אַז ער האָט מיט די אַנדערע טיפּן מענש קיין שום געמיינשאפטלאכעס ניט; אַז ער דאַרף שאַפן אַ נייע קולטור, אַ נייע מענשהייט, זיינען פיקציעס צוליב באשטימטע רעוואָלוציאָנערע צוועקן. אין דער אמת׳ן איז דער אַרבעטער אַ טייל פון דער געזעלשאפט, ניט ווי זי וועט זיין אַמאָל, נאָר טאָקע ווי זי איז איצט, און ער איז אַ שותף ניט נאָר צו דעם נאַציאָנאַלן רייכטום נאָר צו דער גאַנצער רייכער ירושה וואָס זי האָט גע׳ירשנ׳ט פון דעם עבר. דער אַרבעטער האָט אַ חלק אין דער געזעלשאפט און אין אַלע אירע אינסטיטוציעס — אין דער רעגירונג, אין דער רעליגיע, אין דער קולטור, אין דער פאַמיליע, אין דער מאָראַל, אין דער נאַציע בכלל מיט אַלע אירע אינסטיטוציעס, איינגעשלאָסן אַפילו די אַרמיי און דעם פלאָט.

דער סאָציאַליסטער רעפאָרמיזם, וואָס וואָרצלט אין סאָציאַלן רעאַליזם, קוקט מיט אַ חוזק-שמייכל אויף די אַלע רייד מכח שאַפן אַ נייע פּראָלעטאַרישע קולטור, נייע ווערטן, נייע מענשלאַכקייט, נייע אמת׳ן, אַ נייע נאַציאָנאַליטעט א. אַז. וו. ער ווייס ווי שווער עס קומט אָן דער מענשהייט יעדע נייע קולטורעלע און מאָראַלע דערגרייכונג, און ער איז בשום אופן ניט מסכים צו ספּעקולירן מיט אָט דער ירושה צוליב סטראַטעגישע טעמים אין די כלומרשטע אינטערעסן פון אַן אילוזאָרישער נייער געזעלשאַפט.

ניט ווי אַן אויסערלאכער שונא, וואָס קומט באַצוויג־
גען, רויבן און פאַרניכטן, נאָר ווי אַ שותף אין דער גע־
זעלשאַפט קומט דער סאָציאַלער רעפאָרמיזם און פאָדערט
יושר פאַר די אונטערדריקטע און באַ׳עולה׳טע טיילן אָדער
קלאַסן פון פאָלק.

און באַטראַכטנדיק די אונטערדריקטע קלאַסן ווי
שותפים אין דער געזעלשאַפט, קען דער סאָציאַלער רע־
פאָרמיזם זיך ניט שטעלן פאַר אַ ציל די אונטערגראָבונג פון
סאָציאַלער דיסציפלין, וואָרים דערפון מוז אַרויסקומען אַ
רעה אַפילו פאַר דעם קלענסטן שותף אין דער געזעלשאַפט.
פאַרקערט, דער סאָציאַלער רעפאָרמיזם איז פאַראינטערע־
סירט אין פאַרשטאַרקן די סאָציאַלע דיסציפלין און דעם
געפיל פון סאָציאַלער אַחריות און סאָציאַלער שותפות׳־
דיגקייט.

אין אַ רעדע, וואָס דער ענגלישער סאָציאַליסטישער
פירער, הערבערט מאָריסאָן, האָט פאַראיאָרן געהאַלטן אין
ניו יאָרק, האָט ער געזאָגט, אַז אַפילו די דיסציפלין פון דער
ענגלישער אַרמיי, וועלכע איז גרייט אויף דעם באַפעל פון
אירע אָפיצערן צו שיסן אין אַרבעטער, שרעקט אים ניט
שטאַרק, נאָר גיט אים האָפנונג אַז ווען די לייבאָר־פאַרטיי
וועט באַקומען די רעגירונגס־מאַכט אין אירע הענט וועט
די אַרמיי אויספאָלגן אויך אירע באַפעלן.

אַט דאָס איז דער בליק פון דעם סאָציאַלן רעפאָרמיזם
אויף דער געזעלשאַפט, און זיין בליק אויף געזעלשאַפט־

לאַכער אַנטוויקלונג און קאַמף פליסט אַרויס פון דער דאָ־
זיקער אַלגעמיינער אויפפאַסונג פון געזעלשאַפט.

כדי בעסער צו אילוסטרירן די סאָציאַל־רעפאָרמיס־
טישע אויפפאַסונג פון געזעלשאַפטלאַכער אַנטוויקלונג און
קאַמף, זאָל מיר דערלויבט זיין צו דערציילן וועגן אַ דער־
פאַרונג פון מיינע קינדערשע יאָרן.

איינס פון מיינע בעסטע פאַרגעניגנס אַלס אינגל פלעגט
זיין צו העלפן אויסציען די וועש נאָכדעם ווי עס איז גע־
וואַשן און אויסגעטריקנט געוואָרן. נאָר אַ שלום־עליכם
וואָלט געקענט באַשרייבן דעם פאַרגעניגן וואָס איך פלעג
האָבן, ווען איך האָב אָנגענומען דעם עק פון אַ ליילאַך
און אים געצויגן, בעת אימיצער אַנדערש האָט געצויגן ביים
צווייטן עק. דערביי פלעג איך אַרומטאַנצן און שטיפן אָן
אַ שיעור, אָט נאָכלאָזנדיק די ליילאַך און אָט זי צוריק
איינציענדיק. איינמאָל, ווען איך בין געקומען אַהיים פון
חדר אויף ווארמעס, און די דינסט האָט מיר געבעטן איר
העלפן אויסציען די וועש, האָב איך אָפּגעטאָן אַ שפּיצל,
וואָס האָט זיך געקענט ענדיקן זייער טרויעריק. איך
האָב אָפּגעלאָזן מיין עק פון דער ליילאַך גראָד דעמאָלט
ווען דאָס מיידל האָט געצויגן איר עק פונ׳ם ליילאך מיט׳ן
גאַנצן כח. זי איז געפאַלן אויף צוריק, האָט אָנגעקלאַפּט
דעם קאָפּ אָן דער וואַנט און איז אריינגעפאַלן אין אַ באַ־
וואוסטלאָזן צושטאַנד. עס האָט גענומען אַ היפשע צייט ביז
מ׳האָט איר אָפּגעמינטערט. פאַרשטייט זיך, איך האָב גלייך

געמאַכט אַ ויברח, און יענע נאַכט בין איך ניט געקומען אַהיים שלאָפן. ערשט אויף מאָרגן האָט מען דעם „בחור" געבראַכט אַהיים מיט „כבוד".

אָן אָט דעם אינצידענט דערמאָן איך זיך תמיד ווען איך וויל זיך פאָרשטעלן געזעלשאַפטלאַכן קאַמף און דעם כחות־באַלאַנס אין דעם דאָזיקן קאַמף. כדי די געזעלשאַפטלאַכע „ליילאַך" זאָל זיין גלאַט און די קנייטשן און קנוילן אין איר זאָלן ניט רייבן די זייטן ביים שלאָפן אויף איר, מוז זי אויסגעצויגן ווערן, אָבער ניט גאָר היימלאַך איז, ווען איי־נער פון די ציער לאָזט אינגאַנצן אָפּ איין עק פונ'ם ליילאַך; דער צד וואָס ציט צום שטאַרקסטן צעברעכט זיך דערביי דעם קאָפּ.

אָבער די אנערקענונג, אַז אַ געוויסער כחות־באַלאַנס איז ווינשענסווערט פאַר אַלע צדדים, מיינט נאָך ניט די פאַרלייקענונג פון דעם קאַמף אָדער פון זיין באַדייטונג אין געזעלשאַפטלאַכער אַנטוויקלונג. גראָד פאַרקערט. די אַנ־ערקענונג, אַז דער געזעלשאַפטלאַכער פראָגרעס איז דער נעטער סך־הכל פון די כחות וואָס ציען אין פאַרשיידענע ריכטונגען, איז אונז ערשט ריכטיק מחייב, אַז אויב מיר ווילן אַז די געזעלשאַפטלאַכע „ליילאַך" זאָל ניט בלייבן אַלע־מאָל אויף איין אָרט, אויף איין פלאַך, דאַרפן מיר זען פאַר־שטאַרקן יענעם כח וואָס ציט אין דער געווינשטער ריכטונג.

מיט'ן אייגענעם גוטן ווילן גיט קיינער גאָרניט אַוועק. אָן קאַמף ווערט גאָרניט דערגרייכט. יעדע מענשלאַכע דער־

גרייכונג איז אַ פועל יוצא פון קאַמף, פון אַ סך קרבנות. ניט נאָר לייקנט אין דעם ניט דער סאָציאַלער רעפאָרמיזם, נאָר ער שטעלט דעם טראָפּ אויף דעם נאָך שטאַרקער ווי דער סאָציאַל־רעוואָלוציאָנער. ניט גלויבנדיק אין נסים; ניט גלויבנדיק אין אַ סאָציאַלן מילעניום, וואָס וועט קומען פּלוצלונג, איבער־נאַכט, דורך די מעשים פון אַן אַנט־שלאָסענער מינדערהייט; איינזעענדיק, אַז געזעלשאַפט־לאַכער פּראָגרעס קען דערגרייכט ווערן בלויז דורך סיסטע־מאַטישן, כסדר׳דיקן קאַמף, — לייגט דער סאָציאַלער רע־פאָרמיזם די גאַנצע געוויכט אויף מאַסן־קאַמף, אויף דער אָרגאַניזירונג פון דעם מאַסן־כח אויף דעם עקאָנאָמישן, פּאָ־ליטישן און אַלע אַנדערע געביטן.

און קעמפנדיק ווי אַן אינטעגראַלער טייל פון דער גע־זעלשאַפט, וואָס קומט מאַנען זיין חלק פון דעם נאַציאָנאַלן רייכטום, פון דער נאַציאָנאַלער הכנסה, — קען דער סאָ־ציאַלער רעפאָרמיזם אָפט אַרויסווייזן מער אַנטשלאָסנקייט אין קאַמף ווי דער סאָציאַל־רעוואָלוציאָניזם; ניט פאַר־װענדניק זיין הויפּט־ענערגיע אויף אוטאָפּיסטישע ענדצילן, — קענען די דערגרייכונגען פון דעם סאָציאַלן רעפאָרמיזם פאַר דעם וואוילזיין פון די מאַסן זיין א סך ממשות׳דיקערע ווי די פאַנטאַסטישע צילן פון דעם ראָמאַנטישן בונטאַריזם קענען ווען־עס־איז דערגרייכן.

ניט אויף איין־איינציקער שלאַכט בויט דער סאָציאַלער רעפאָרמיזם, נאָר אויף דעם כסדר׳דיקן, אומאויפהערלאכן

קאַמף פון די מאַסן פאַר פאַרבעסערונגען. ניט אויף די פעאיגקייטן פון אַ רעוואָלוציאָנערן נאַפּאָלעאָן אָדער פון אַ רעוואָלוציאָנערן אַוואַנגאַרד מאַכט דער רעפאָרמיזם זיינע אויסרעכענונגען, — נאָר אויף דער מאַכט פון דער גאַנצער מאַסע. דעריבער איז ער פאַראינטערעסירט אין דער אָרגאַניזירונג פון די מאַסן מער פון דעם רעוואָלוציאָנער.

און איבער דער מאַסן־באַוועגונג האַלט ניט דער סאָציאַלער רעפאָרמיזם דעם מורא׳דיקן באַרג סיני, מיט׳ן סטראַשונאַק אַרונטערצולאָזן אויף איר דעם באַרג אויב זי וועט ניט אָננעמען דעם גאַנצן סאָציאַליסטישן ענדציל. דער ענדציל פון דעם סאָציאַלן רעפאָרמיזם איז פאַקטיש גאָר אַן אַנדערער ווי דער ענדציל פון דעם סאָציאַליסטישן דאָגמאַטיקער. אַנשטאָט דעם משיחישן ענדציל פון דעם רעוואָלוציאָנער, וואָס שטעלט זיך פאָר ווי עס וועט קומען אַ טאָג, אַ מאָמענט, ווען פון כולו חייב וועט די וועלט ווערן כולו זכאי, ווען פון דעם גרעסטן אומגליק וועט זי גלייך אַריינשפּרינגען אין דעם גרעסטן גליק, — אַנשטאָט אָט דער ראָמאַנטיק שטעלט דער רעפאָרמאַטאָר זיך צופרידן מיט אַן ענדציל, וואָס צייכנט בלויז אָן דעם אַלגעמיינעם גאַנג פון געזעלשאַפטלאַכן פאָרטשריט, דעם וועג וואָס פירט אין דער ריכטונג פון וואָס אַ גרעסערער מאָס סאָציאַלער גערעכטיגקייט און סאָציאַלער גלייכקייט.

די אָנערקענונג פון דער געזעלשאַפט, אַז זי איז מחויב זיך צו זאָרגן פאַר דעם וואוילזיין און פאַר דער אויסקומע־

ניש פון אַלע אירע מיטגלידער — אָט דאָס איז דער ענדציל פון דעם סאָציאַלן רעפאָרמאַטאָר. און יעדע געזעלשאַפט־לאַכע רעפאָרם, וואָס איז אַן אויסדרוק פון אָט דער אָנער־קענונג — ווי אַרבעטסלאָזן־פאַרזיכערונג, אַלטער־פאַרזי־כערונג, פאַרבאָט פון קינדער־אַרבעט א. אַז. וו., א. וו. זיינען פאַר אים, פאַר דעם רעפאָרמאַטאָר, ניט נאָר שטיקער סאָציאַליזם, נאָר סאָציאַליזם ממש.

דעם „והיה באחרית הימים" פון דעם סאָציאַליזם איז דער רעפאָרמאַטאָר גרייט איבערצולאָזן אין דער שויס פון דער צוקונפט. ווען די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט ניט קענען פאַרזאָרגן גלייכע עקאָנאָמישע געלעגנהייטן און חיונה בשפע פאַר אַלעמען, וועט זי דורך דעם פּראַגמאַטישן קאַמף אַליין געצוואונגען ווערן אָפּצוטרעטן איר אָרט דעם סאָציאַליזם; און יעדער סאָציאַליסט גלויבט, אַז אַזוי וועט עס טאַקע זיין.

***

איך ווייס, די וואָס זיינען געבליבן געטריי זייער „ערש־טער ליבע", דער רעוואָלוציאָנערער ראָמאַנטיק פון זייער יוגנט, באַטראַכטן דעם רעפאָרמיסט פאַר אַ לעמעשקע, פאַר אַ פייגלינג, פאַר אַ דעזערטיר און אַפילו פאַר אַ פאַררעטער. אין זייערע אויגן איז דער רעפאָרמיסט אַזאַ איינער, וואָס איז געבליבן געטריי דעם סאָציאַליזם נאָר אַזוי לאַנג ווי דאָס איז געווען אַ טעמע פאַר געשפּרעך, פאַר דיסקוסיע, אַ גייסטיקער אינטערעס, אָבער ווען עס קומט דער מאָמענט ווען מ'מוז

מיט געוואָר אין די הענט קעמפן פאַר דעם אידעאַל, דער־שרעקט ער זיך, וואַרפט אַוועק דאָס געווער און קאַפּיטו־לירט צום שונא.

נו, מ׳קען ניט לייקענען, אַז די רייען פון די רעפאָר־מיסטן זיינען פול מיט אַנטוישטע און דערשראָקענע. דאָס איז אַן אומפאַרמיידלאַכקייט אין יעדער מלחמה. עס איז אָבער דורכאויס פאַלש פאָרצושטעלן די גאַנצע רעפאָרמיס־טישע באַוועגונג ווי בלויז אַ לעצטער פאַרצווייפלטער פאַר־זוך צו פאַרדעקן מורא און פאַרראַט מיט אַן אידעאָלאָגישן מאַנטל, ווי די רעוואָלוציאָנערן טוען דאָס. ניט אַלע רע־פאָרמיסטן זיינען פייגלינגען, און ניט אַלע וואָס שרעקן זיך פאַר רעוואָלוציע טוען דאָס דערפאַר ווייל זיי האָבן מורא פאַר דער אייגענער הויט, נאָר גאָר דערפאַר ווייל זיי ווילן ניט שטעלן אין סכנה די צוקונפט און דעם וואוילזיין פון די פאָלקס־מאַסן.

דער שענסטער עקזעמפּליאַר פון אַן אַגרעסיוון, מילי־טאַנטן סאָציאַלן רעפאָרמאַטאָר איז דזשיאַקאָמאָ מאַטעאָטי, דער העלדישסטער קרבן אין דעם קאַמף קעגן פאַשיזם, וואָס גיט־צו ביז היינטיקן טאָג מוט און באַגייסטערונג אין אָט דעם שווערן קאַמף. אין זיין בוך „דער פאַשיזם אין איטאַליע״ דערציילט פּראָפעסאָר סאַלוועמיני, אַז נאָכדעם ווי מאַטעאָטי האָט געהאַלטן זיין לעצטע רעדע אין פּאַרלאַמענט, אין וועל־כער ער האָט אַרונטערגעריסן די מאַסקע פון די שוואַרץ־העמדלדיקע „העלדן״ און אויפגעדעקט זייער אמת׳ן פּרצוף

פון פאַרברעכער און מערדער, האָט ער אַרויסגייענדיק פון דער פאַרלאַמענט־געביידע געזאָגט צו זיינעם אַ פריינט: „איצט מעגסטו גלייך אָנשרייבן אַ הספד נאָך מיר״. מאַטעאָטי האָט געוואוסט, אַז פאַר זיין רעדע וועט ער באַצאָלן מיט זיין לעבן, אָבער דאָס האָט אים ניט אָפּגעשראָקן פון טאָן זיין פליכט. און זיין סאָציאַלער רעפאָרמיזם האָט אים ניט געשטערט אין זיין העלדישן קאַמף קעגן פאַשיזם.

דער סאָציאַלער רעפאָרמיזם פאַרוואַרפט דעם געדאַנק פון געוואַלטזאַמער רעוואָלוציע ניט דערפאַר ווייל ער האָט מורא פאַר קאַמף, נאָר דערפאַר ווייל ער זעט אַז דער וועג איז אַ שעדלאכער; אַז סאָציאַלע רעוואָלוציע איז ניט קיין פראַגע פון מאַכט־פאַרכאַפּונג אַליין; אַז נאָכדעם ווי די מאַכט איז שוין געזיכערט מוז זיך ערשט אָנהייבן אַן אומענדלאַכער ברוטאַלער קאַמף קעגן דעם פאָלק גופא, וואָס מוז פירן צו אונטערדריקונג און פאַראַרימונג; אַז דער גאַנצער פּלאַן פון איבערבויען אַ סאָציאַלע אָרדנונג מיט־אַמאָל איז אַן אוטאָפּיע, וואָס מוז ברענגען אומבאַשרייב־לאַכע אומגליקן אויפן פאָלק.

דאָ קומט ווידער פאַר אַ צעמישעניש פון די צוויי באַ־גריפן „קאַמף״ און „רעוואָלוציע״. פאַר רעוואָלוציע האָט טאַקע דער רעפאָרמיסט מורא; אָבער ניט פאַר קאַמף. פאַרקערט, עס איז זייער מעגלאַך, אַז ווען דער סאָציאַליזם זאָל באַפרייט ווערן פון דעם איבעריקן רעוואָלוציאָנערן באַלאַסט, וואָס איז צוגעטשעפּעט געוואָרן צו אים, זאָל ער

אין דעם קאַמף פאַר טאָג־טעגלאַכע פאַרבעסערונגען פאַר דעם פאָלק ווערן אַ סך אַגרעסיווער ווי פריער. די ראָלע פון אַן אויסגעשלאָסענעם, פון אַן „אַחר", פון אַ מומר־להכעיס, פון דעם רשע פון דער הגדה, פון אַ פרעמדן, שטעלט אָפט אַוועק דעם רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליסט אין דער לאַגע פון דאַרפן זיך פאַרענטפערן, וואָס מוז פאַראַליזירן זיין ענערגיע. זייענדיק אָבער איינער פון דער געזעלשאַפט, אַן אייגענער, וואָס גייט פאַראויס און ווייזט דעם וועג, קען דער סאָציאַליסטישער רעפאָרמיסט אפשר אַרויסווייזן מער מוט און אַנטשלאָסנקייט ווי דער רעוואָלוציאָנער.

זעען מיר דאָך פאַר זיך גענוג מוסטערן פון אַנטשלאָסנהייט און קאַמפסלוסט מצד אַרבעטער, וואָס שטייען אינגאַנצן ניט אונטער דעם איינפלוס פון דעם סאָציאַליסטישן ענדציל; זעען מיר דאָך, ווי אַזעלכע אַרבעטער־פירער ווי דזשאָן ל. לואיס זיינען אָפט אַגרעסיווער אין דעם טאָג־טעגלאַכן קאַמף ווי רעוואָלוציאָנערן, הגם זיי זיינען גאָר אינגאַנצן קיין סאָציאַליסטן ניט; זעען מיר דאָך, ווי דער הערשנדער קלאַס שרעקט זיך אָפט מער פאַר יענע פראַקטישע פאַרבעסערונגען אין דעם לעבן פון די מאַסן, וואָס דער רעוואָלוציאָנער איז מבטל, איידער פאַר די הויךקלינגענדע רעוואָלוציאָנערע פראַזן; זעען מיר דאָך, ווי בעת דאָס פאָלק ווייזט אַרויס אַ ווידערשטאַנד צו סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערע פלענער, איז ער אָבער אָפט גרייט נאָכ־

צופאָלגן קאָנקרעטע רעפאָרם־פּראָיעקטן — ווי, צום ביישפּיל, אַפּטן סינקלערס „עפּיק”, דר. טאָונסענדס עלטער־פאַר־זיכערונגס־פּראָיעקט א. א. וו. הגם אָט די און ענלאָכע פּראָיעקטן זיינען אַליין אוטאָפּיסטישע, ווייל זיי זאָגן־צו דאָס אוממעגלאָכע, און הגם זיי זיינען אַנטי־סאָציאַל דערמיט וואָס זיי מאַכן לעכערלאָך נויטיקע סאָציאַלע רעפאָרמען, באַווייזן אָבער אָט די באַוועגונגען וואָס פאַר אַ ברייטן מאַסן־אָפּקלאַנג סאָציאַלע גערעכטיקייט קען אַרויסרופן.

דער סאָציאַלער רעפאָרמיזם זעט־איין, אַז אַפילו פון דעם ריין־סטראַטעגישן שטאַנדפּונקט קען דער סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערער געדאַנק האָבן דערפאָלג נאָר אין אַזעלכע לענדער, וואו דאָס פאָלק האָט אַ קנאַפּע דעה אין דער רעגירונג און אַ מיזערנעם נישטיקן חלק אין דער געזעל־שאַפט בכלל, אָבער ניט אין אַזעלכע לענדער, וואו דעמאָ־קראַטיע איז אייַנגעוואָרצלט אין לעבן און וואו דער געפיל פון שותפות׳דיקייט איז שטאַרק צווישן די מאַסן.

אָבער איבער אַלץ שטייט ביי דעם סאָציאַלן רעפאָר־מיזם די איבערצייגונג, אַז דער סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערער וועג איז אַן אוטאָפּיסטישער ; אַז גליק פאַר די מאַסן קען ניט דערגרייכט ווערן דורך אונטערצינדן די געזעלשאַפט־לאַכע הויז, דורך אַריינקלייבן זיך אין פּאַלאַטקעס ביז אַ נייער בנין וועט אויפגעשטעלט ווערען ; אַז דאָס הויז מוז אויסגעבעסערט און מאָדערניזירט ווערן אין דער צייט ווען מיר אַלע וואוינען אין איר ; אַז דער וועג פון אַגרע־

סיוון רעפאָרמיזם איז ניט נאָר דער בעסערער, נאָר דער איינציקער.

דער סאָציאַלער רעפאָרמיזם איז איבערצייגט, אַז מיט דער רוסישער רעוואָלוציע האָט זיך פאַרענדיקט דער רעוואָלוציאָנערער פעריאָד אין סאָציאַליזם. שוין לאַנג אַז די צוויי ריכטונגען אין סאָציאַליזם, די רעוואָלוציאָנערע און די רעפאָרמיסטישע, האַלטן זיך אין קריסטאַליזירן. די רוסישע רעוואָלוציע האָט דעם סאָציאַל־רעוואָלוציאָניזם גע־שטעלט צו פּראָבע, און ער האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר דעם שעדלאַכסטן אוטאָפּיזם. אמת, עס איז ניט צו דערוואַרטן, אַז דער סאָציאַל־רעוואָלוציאָניזם זאָל גלייך אינגאַנצן דע־מיסיאָנירן. די רעוואָלוציאָנערע טראַדיציע איז צו שטאַרק פאַרוואָרצלט אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, און די משיח׳ישע מיסטיק בכלל באַהערשט צופיל מענטשלאַכע נשמות, אַז מ׳זאָל קענען דערוואַרטן, אַז דער סאָציאַלער משיח׳יזם זאָל אינגאַנצן אַראָפּ פון דער סצענע. די צו־קונפט אָבער געהערט ניט דעם סאָציאַל־רעוואָלוציאָניזם, נאָר דעם סאָציאַלן רעפאָרמיזם; דער גראַוויטאַציע־צענטער פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג איז שוין איצט אַריבער־געטראָגן געוואָרן פון די לענדער מיט אַ רעוואָלוציאָנערער טראַדיציע אין די לענדער מיט אַ דעמאָקראַטישער טראַ־דיציע, ווי סקאַנדינאַוויע, האָלאַנד און אין דער ערשטער ריי ענגלאַנד; די צוקונפט פון סאָציאַליזם הענגט אָפּ ניט פון יענע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען, וואָס ווערן הייזעריק

**שרייענדיק „סאָציאַליזם אין אונזערע טעג” א. א. וו., נאָר גראָד פון יענע פּאַרטייען, וואָס שטעלן אַרויס דעם פּראַג־מאַטישן לאָזונג:**

דער ענדציל איז אַ רעגולאַטיווער פּרינציפּ; די באַוועגונג אָבער, וואָס קעמפט אויס טאָג־טעגלאַכע פאַר־בעסערונגען אין דעם לעבן פון די פאָלקס־מאַסן, איז דער איינציקער וועג צו דעם ענדציל.

# V

## אַ ויכוח מיט אַ סאָציאַל־רעוואָלוציאָנער

ר ע װ ו אָ ל ו צ י אָ נ ע ר : אַ שיינעם תכלית האָסטו געמאַכט פון דעם סאָציאַליזם אין דיין אָפּהאַנדלונג „סאָציאַלע רעוואָלוציע אָדער רעפאָרמיזם“! מישטוינס געזאָגט, וואָס פאַר אַ ממשות קען שוין האָבן אַ סאָציאַליסטישע באַוועגונג, וואָס זאָל ניט זיין אָריענטירט אויף דעם אַרבעטער־קלאַס, וואָס זאָל ניט אויסשמידן אַן אייגענע קלאַסן־אידעאָלאָגיע, און וואָס זאָל שטעלן דעם טראָפּ אויף די געמיינשאַפטלאַכע אינטערעסן פון אַלע קלאַסן אין דער געזעלשאַפט אָנשטאָט אויף דעם קאַמף וואָס גייט כסדר אַן צווישן די קלאַסן!

א י ך : עס איז געוויס אמת, אַז יעדער קאַמף אָדער צוזאַמענשטויס האָט זיך זיין אייגענע סטראַטעגישע לאָגיק, וואָס אָן איר וואָלט דער קאַמף בכלל ניט געקענט אָנגיין. אין קאַמף איז מען געצוואונגען זיך צו באַנוצן מיט איבער־טרייבונג סיי פון די אייגענע קריוודעס און סיי פון די עוולות פון דעם קעגנער; איז מען געצוואונגען אַרויס־צושטעלן פאָדערונגען וואָס מ׳ווייס אַז זיי קענען ניט דורכ־געזעצט ווערן אין דעם געגעבענעם מאָמענט. וואָלט מען זיך צופיל אָפּגעשטעלט צו וועגן און צו מעסטן דעם אָביעק־

טיוון אמת פון יעדער באַשולדיקונג, וואָס ווערט געמאַכט אין היץ פון קאַמף; וואָלט מען זיך צופיל געפּרואווט שטעלן אין דער לאַגע פון דעם צד שכנגד און אויסרעכענען כסדר וואָס יענער קען יאָ אָדער קען ניט נאָכגעבן, — וואָלט דאָס אָן ספק אויך אַיינגעהאַמעוועט יענעם איבער־טריבענעם ברען און אייפער, אָן וועלכן עס איז בכלל אומ־מעגלאַך עפּעס צו געווינען, אַפילו דאָס דערגרייכבאַרע. אַוודאי איז דאָס אמת, און טאַקע איינע פון די שווערסטע אויפגאַבן איז צו געפינען יענע דעמאַרקירונגס־ליניע, וואָס זאָל באַשטימען די גרעניץ, וואו עס הערט־אויף דער קלאַסן־אַנטאַגאָניזם און עס הויבט זיך אָן דער אינטערעס פון דער געזעלשאַפט. עס ווערט אָבער וואָס ווייטער אַלץ קלאָרער, אַז דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליזם טרעט שוין צופיל אַריבער די דאָזיקע גרעניץ; אַז אין זיין רעוואָלוציאָנערן אימפּעט גראָבט ער אונטער יענעם געפיל פון אַחריות, דיסציפּלין און געזעלשאַפטלאַכקייט בכלל, וואָס איז דער אמת׳ער פונדאַמענט, אויף וועלכן אַ סאָציאַליסטישער בנין קען געבויט ווערן; אַז עס איז געקומען די העכסטע צייט זיך אָפּצושטעלן און רעווידירן די אַלטע טאַקטיק פון רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם, וואָס סטראַטעגיש־רעוואָלוציאָ־נערע אויסרעכענונגען האָבן פון אים געמאַכט שיער־ניט אַן אַנטי־סאָציאַלן כוח.

ר ע וו אָ ל ו צ י אָ נ ע ר: אָבער פאַרוואָס זעסטו ניט איין, אַז צונעמען די קלאַסן־אָריענטאַציע פון דער סאָציאַ־

ליסטישער באַװעגונג מײנט, אַרױסנעמען דעם באָדן פון אונטער אירע פיס; מײנט, צונעמען בײ איר דאָס אײנציקע געװער, װאָס זי האָט אױף דורכפירן דעם סאָציאַליזם אין לעבן? זעסטו דען ניט, אַז דער קלאַסן־קאַמף איז יענער געזעלשאַפטלאַכער האָקן, אָן װעלכן עס איז בכלל ניט מעגלאַך צו שטופּן די געזעלשאַפט אין דער ריכטונג פון סאָציאַליזם; אַז אָן דער קלאַסן־אָריענטאַציע װערט פון דעם סאָציאַליזם ניט מער װי אַ פרומער װאונש אָן שום שאַנס װען־עס־איז פאַרװירקלאַכט צו װערן?

א י ך: ניט קעגן דער קלאַסן־אָריענטאַציע פון דער סאָציאַליסטישער באַװעגונג טרעט אַרױס דער סאָציאַליס־טישער רעװיזיאָניזם, נאָר קעגן דער גװאַלטיקער איבער־טרײבונג פון דעם קלאַסן־פּרינציפּ; קעגן דער איבער־טרײבונג פון דער באַדײטונג פון דעם קלאַסן־קאַמף ביז צו אַן עבודה־זרה, ביז צו אַ קריגס־גאָט, אַ מולך, בײ װעמען דער קריג אַלײן איז געװאָרן דער העכסטער אידעאַל, און װעלכער דראָעט אױפצופרעסן אומצײליקע מענטשלאַכע לעבנס צוזאַמען מיט דער געזעלשאפט גופא. אין סאַ־מע ברען פון קאַמף קומט דער סאָציאַליסטישער רעװי־זיאָניזם דערמאָנען אָן דער געזעלשאַפטלאַכער באַדײטונג און זין פון דעם שטרײט; ער קומט דערמאָנען, אַז דער מאַרקסיזם האָט פון דעם קלאַסן־קאַמף געמאַכט אַ פעטיש, װאָס פאַרטונקלט שױן צופיל די גרױסע געזעלשאַפטלאַכע צילן, צוליב װעלכע דער דאָזיקער קאַמף דאַרף אױסגענוצט

ווערן; ער רופט צוריק צו די עלעמענטאַרע פּרינציפּן פון דעם פּאַרמאַרקסיסטישן סאָציאַליזם, וועלכער האָט אָוועק־געשטעלט יושר איבער אינטערעס, מענטשלאַכקייט איבער קלאַסן־אינטערעס, געזעלשאַפט איבער קלאַס. אָט לייען, אויף טשיקאַווּעס, וואָס דר. ח. זשיטלאָווסקי שרייבט וועגן קלאַס און געזעלשאַפט אין זיין אינטערעסאַנטער סעריע אַרטיקלען „סאָציאַליזם און מאָראַל", וואָס ער האָט לעצטנס אָפּגעדרוקט אין „טאָג":

„אַן אָרגאַניזם איז ניט בלויז אַ סכום פון איינצלנע אברים. אַן אָרגאַניזם איז דער סכום פון די טיילן פּליוס דאָס גאַנצע, די לעבנס־קראַפט, וואָס ווירקט אין אַלע טיילן. אַזוי איז אויך די געזעלשאַפט ניט בלויז אַ סכום פון איינצלנע קלאַסן און זייערע אַנטאַגאָניזם. ווי דאָס לעבן פון דעם גאַנצן אָרגאַניזם ווירקט אויף די לעבנס־פּראָצעסן פון די איינצלנע אברים, אַזוי ווירקט דאָס לעבן פון דער גאַנצער געזעלשאַפט אויף די פּראָצעסן, וואָס שפּילן זיך אָפּ אין די פאַרשיידענע קלאַסן.

„ניט די פאַרשיידענע קלאַסן שטעלן מיט זיך צונויף די געזעלשאַפט, נאָר דער וואוקס פון דער געזעלשאַפט רופט ארויס די איינטיילונג אין קלאַסן, זייערע ריכטונגען און אַנטאַגאָניזמען, ווי אויך דעם גאַנג פון די קלאַסן־קאַמפן גופא . . . "

רעוואָלוציאָנער: ווי קומט עס, וואָס דו באַנוצסט זיך פאַר אַנטי־רעוואָלוציאָנערע צוועקן מיט אַן

אויסצוג פון דעם סאָציאַל־רעוואָלוציאָנער זשיטלאָווסקי? ווייסטו דען ניט, אַז זשיטלאָווסקי גלויבט דוקא יאָ אין סאָציאַלער רעוואָלוציע?

איך: איך ווייס שוין גאָר, אַז דר. זשיטלאָווסקי אַליין איז אַ האָפנונגסלאָזער ראָמאַנטיקער ניט נאָר בנוגע אידישע פראַגן, נאָר אויך וואָס איז שייך צו אַלגעמיין־סאָציאַלע פּראָבלעמען. צום מאַרקסיזם, אָבער, האָט ער אַלע מאָל אַרויסגעוויזן אַ קריטיש־פרייען צוגאַנג. דאָס איז אָן ספק דערפאַר, ווייל ער איז אין זיינע אינגלשע יאָרן צופעליקערווייז צוגעצויגן געוואָרן צו אַ ניט־מאַרק־סיסטישער סאָציאַליסטישער ריכטונג, צו די רוסישע סאָציאַ־ליסטן־רעוואָלוציאָנערן, און אַזוי־נאָך איז דעם מאַרקסיס־טישן דאָגמאַטיזם ניט געלונגען צו פאַראַליזירן זיינע נאַ־טירלאַכע קריטיש־דענקערישע פעאיקייטן. יעדנפאַלס, דר. זשיטלאָווסקי האָט געמאַכט אַ גרויסן ביטראַג צו דער קריטיק פון מאַרקסיזם, און ניט בלויז איך, נאָר יעדער איינער מעג זיך באַנוצן מיט אויסצוגן פון זיינע אַרבעטן, אַפילו פאַר צוועקן, מיט וועלכע ער אַליין איז ניט מסכים, אַזוי לאַנג ווי די אויסצוגן ווערן נאָר ריכטיק איבערגע־געבן. איז דאָך דר. זשיטלאָווסקי פאָרט אפשר דער בעסטער מסביר אין דער אידישער פובליציסטיק, און געוויס מעג אים ציטירן אויך איינער, וואָס איז ניט זיינער קיין בלינדער נאָכפאָלגער. בכלל איז בלינדע נאָכפאָלגערשאַפט העכסט שעדלאַך. דער אמת׳ער פרייער געדאַנק דיקטירט אַ קריי־

טישן צוגאַנג אַפילו צו לערער און רביים, אַן אָפּטן „קריגן" אויף דעם רבי אין דעם גייסט פון: „רבי, מורי ואלופי, איך שטים מיט דיר ניט איין!"

אָבער איך בין מודה, אַז מיט ברענגען אַן אויסצוג פון דר. זשיטלאָווסקי האָב איך באַצוועקט ניט בלויז צו ברענגען אַ ראיה פון אַ סאָציאַליסטישן דענקער און מסביר, נאָר נאָך עפּעס. מיר איז בכלל קשה, ווי אַזוי נאַציאָנאַ־ליסטן — ווי דר. זשיטלאָווסקי, דו און אַ סך אַנדערע, — וועלכע פאַרשטייען שוין גאָר גוט, אַז אַן אַרבעטער איז אַ שותף צוזאַמען מיט מיטגלידער פון אַנדערע קלאַסן אין דער ירושה פון דער נאַציע, קענען אָרונטערשלינגען דעם רעוואָלוציאָנערן געדאַנק, וואָס איז באַזירט פּונקט אויף אַן אַנטקעגנגעזעצטן איינשטעל — אויף דעם איינשטעל, אַז עס איז ניטאָ קיין שום געמיינשאַפטלעכס צווישן די קלאַסן, אַז זיי מוזן קעמפן איינער קעגן אַנדערן ביז צו פאַרניכטונג. מילא, דער קאָסמאָפּאָליט, וועלכער לייקנט, אַז די וועלט איז איינגעטיילט אין נאַציעס; וועלכער טענה'ט, אַז עס עקזיסטירן בלויז צוויי נאַציעס, פון אָרעמעלייט און פון גבירים, — דער קאָסמאָפּאָליט איז וועניקסטנס לאָגיש אויס־געהאַלטן ווען ער קומט צום רעוואָלוציאָנערן שלוס, אַז כדי די ניי־אויפגעקומענע נאַציע פון פּראָלעטאַריער זאָל קענען לעבן פריי און אין וואוילזיין, מוז די צווייטע נאַציע, די בורזשואַזיע, ריקזיכטלאָז „ליקווידירט" ווערן. אָבער אַז נאַציאָנאַליסטן, וועלכע דערקענען אַזוי פיל געמיינשאַפט־

לאַכעס צווישן די קלאַסן, טראָץ דעם קאַמף וואָס גייט אָן צווישן זיי, זאָלן זיך אַלץ קענען האַלטן אָן דעם עקסטרעמען רעוואָלוציאָניזם, — דאָס איז פאַר מיר קיינמאָל ניט געווען פאַרשטענדלאַך. דער וואָס זאָגט אַלף מוז אויך זאָגן בית און גימל.

רעוואָלוציאָנער: הייסט עס, אַז ברענגענדיק די ציטאַט פון דר. זשיטלאָווסקי איז דיין הויפּט־צוועק געווען ניט אַזוי צו באַקרעפטיקן דיין טעזיס פון געזעלשאַפטלאַכ־קייט קעגן קלאַסן־קאַמף, נאָר קודם כל צו שלאָגן די נאַציאָנאַליסטן?

איך: ניין, מיין הויפּט־צוועק איז טאַקע געווען צו ברענגען די זייער געלונגענע פאָרמולירונג זשיטלאָווסקיס וועגן דעם, אַז געזעלשאַפט שטייט איבער קלאַס. אָבער פאַר איין וועג האָב איך שוין אויך געהאַט אין זינען צו פרעגן די פראַגע, וואָס איך האָב אַלע מאָל געוואָלט שטעלן די נאַציאָנאַליסטן.

רעוואָלוציאָנער: אָבער צי זעסטו טאַקע ניט איין, אַז געמיינשאַפט־געפיל אין גייסטיקע געביטן איז איין זאַך, און דער קלאַסן־קאַמף אויפן עקאָנאָמישן געביט איז גאָר אַן אַנדער זאַך?

איך: געוויס איז פאַראַן אַן אונטערשייד צווישן גייסטיקער געמיינשאַפט און עקאָנאָמישן צוזאַמענשטויס. אָבער דער רעוואָלוציאָנערער אייפער אַפילו אויפן עקאָנאָ־מישן געביט מוז פאָרט באַדייטנד אָפּגעשוואַכט ווערן ווען

עס קומט אָפּט אויס צו האַנדלען מיט די קלאַסן־שונאים וועגן געמיינשאַפטלאַכע אינטער־קלאַסן־אינטערעסן.

רעוואָלוציאָנער: אָבער איין זאַך קען איך אינגאַנצן ניט פאַרשטיין. פון וואַנען האָט זיך צו דיר גענומען דער טרויעריקער מוט אָנצורופן מאַרקסן אוטאָ־פּיסט? ווי אַזוי האָסטו זיך דערוועגט אַזוינס גאָר אַרויס־צוברענגען פון דיין מויל?

איך: די צרה מיט דיר איז, וואָס דו ביזט אַ בלינדער פאַנאַטיקער און דו קענסט גאָרניט באַנעמען, ווי אַזוי מ׳קען צווייפלען אין דיין רבינס אומפעלבאַרקייט. מאַרקס אַליין האָט געמעגט אָנרופן כמעט אַלע סאָציאַליסטישע דענקער פאַר אים אוטאָפּיסטן, אָבער טאָמער זאָגט מען דאָס זעלבע וועגן אים אַליין, גייען זיינע חסידים ממש אַרויס פון די כלים. צי ווייסטו כאָטש, ווי אַזוי מאַרקס האָט באַהאַנדלט זיינע אידעאישע קעגנער — ווי אַזוי ער פלעגט זיי אויס־לאַכן און מאַכן צו שפּאָט אין זיינע ווערק? צי האָסטו כאָטש אַמאָל אַריינגעקוקט אין די געזאַמלטע בריוו זיינע, וואו ער לאָזט זיך אַראָפּ ניט נאָר צו זידלעריי, נאָר אַפילו צו רכילות וועגן אַזעלכע מענטשן ווי לאַסאַל, משה העס און אַנדערע? וועגן אָט־דער זייט פון מאַרקס׳ כאַראַקטער איז גלייכער, אַז מ׳רעדט וואָס ווייניקער.

רעוואָלוציאָנער: און דו נעמסט זיך עס אָן זייער קריוודע! דו, הייסט עס, שטעלסט זיך אַוועק אויף

איין ברעטל מיט פּרודאָנען, באַקונינען, מילן און די אַנדערע גרויסע גייסטער, וועמען מאַרקס האָט אויסגעלאַכט?

איך: דאָס רעכט ניט מסכים צו זיין, צו קריטיקירן איז ניט די אויסשליסלאַכע פּריווילעגיע פון גרויסע לייט. דאָס איז דער קנין פון יעדן פרייען מענטשן. אַזעלכע רייד ווי דיינע קלינגען איבערהויפּט מאָדנע ווען זיי קומען פון אַ ראַדיקאַל. ראַדיקאַלן, וועלכע האָבן דעם מוט אַרויס־צוטרעטן קעגן דער גאַנצער רייכער היסטאָרישער דער־פאַרונג, קעגן אַלע פריערדיקע דענקער און קעגן אַלע היי־ליקטימער, — וואָס פאַר אַ רעכט האָבן אָט־די געוואָגטסטע פון אַלע איקאָנאָקלאַסטן צו באַשימפן יעדן איינעם אין זייערע אייגענע רייען, וואָס שטימט ניט איין מיט דעם מינדעסטן „קוצו של יוד" פון דער נייער תורה, און צו פאַרשרייען אים אַלס איינעם, וועמען עס פעלט פּיעטעט, יראת־הכבוד? עס איז פּשוט צום שטוינען, ווי אַזוי אַ ליאַדע אינגל, וואָס שטעלט זיך ניט אָפּ פאַר טרעטן מיט די פיס און שפּייען אויף די הייליקטימער פון זיין טאַטע־מאַמע, פון זיין פאָלק, ווערט אַן אויפגעקאָכטער ווען מ'רירט אָן איינעם פון זיינע נייע געטער! דאָס רעכט צו קריטיקירן איז ניט בלויז אַ רעכט, נאָר אַ הייליקע פליכט, איבערהויפּט אין אַזאַ פאַל ווי דער מאַרקסיזם, אָדער זיין וואולגאַריזאַציע. איז דען מעגלאַך צו שווייגן, ווען מ'זעט ווי דער מאַרקסיזם ווערט אויסגענוצט אַלס מאַנטל צו פאַרדעקן די גרעסטע ברוטאַליזאַציע אין דער מענטשלאַכער געשיכטע; ווי אַזוי

דער אַרבעטער־קלאַס ווערט מיט זיין הילף ציניש באַ־טראַכט ווי היסטאָרישער קאַנאָנען־פלייש; ווי אַזוי דער הויפּט־געדאַנק פון מאַרקסיזם, געזעלשאַפטלאַכע אַנטוויק־לונג, איז דעגענערירט געוואָרן אין זיין קעגנזאַץ, אין געזעל־שאַפטלאַכער פאַרניכטונג?! אין דעם, וואָס איך האָב גע־שריבן, איז ניטאָ דער מינדעסטער פּחיתת־הכבוד פאַר מאַרקסן. מ'קען האַלטן, אַז מאַרקס איז געווען דער גרעס־טער אַנאַליטישער דענקער פון אַלע צייטן, און דאָך זאָל ער האָבן געמאַכט געוויסע טעות'ן. עס איז דאָך ניט קיין נאָווינע אין דער וויסנשאַפט, אַז היפּאָטעזן, אָדער אפילו געזעצן פון די גרעסטע דענקער און פאָרשער ווערן שפּע־טער קאָנטראָלירט און רעווידירט אין ליכט פון ניי־אַנט־דעקטע פאַקטן. און פאַרוואָס זאָל איך ניט טאָרן ארויס־זאָגן מיין מיינונג, אַז עס איז פאַראַן אַן אינערלאַכער ווידערשפּרוך צווישן דעם געדאַנק פון געזעלשאַפטלאַכער אַנטוויקלונג, וואָס איז די קווינט־עסענץ פון מאַרקסיזם, און דעם געדאַנק פון פּלוצלונגן געזעלשאַפטלאַכן איבערברוך, פון רעוואָלוציע? אַגב, בין איך דאָך ניט דער איינציקער, וואָס זאָגט דאָס.

ר ע וו אָ ל וצ י אָ נ ע ר: ניט וועגן מאַרקס' כבוד אַליין גייט דאָ. די הויפּט־זאַך איז, וואָס דו מאַכסט ווילדע באַהויפּטונגען. אַט גיסטו זיך אַ זאָג מיט אַזאַ ברייטקייט, אַז אין דער גאַנצער מענטשלאַכער געשיכטע איז ניטאָ קיין איינציקער פאַל פון סאָציאַלער רעוואָלוציע! וואו האָסטו

עס געקומען? ווייסטו ניט אַז די געשיכטע איז רייך מיט בונטן און אויפשטאַנדן פון די אונטערדריקטע מאַסן קעגן זייערע עקספּלואַטאַטאָרס? וואָס זיינען געווען די בונטן אין פאַרצייטיקן רוים, אויב ניט פאַרזוכן פון די מאַסן זיך צו באַפרייען פון סאָציאַלער אונטערדריקונג? און וואָס איז געווען די פראַנצויזישע רעוואָלוציע — בלויז אַ הויף-רעוואָלוציע, ווי דו דריקסט זיך אויס, אָדער אַ טיפע, גרינט-לאַכע סאָציאַלע איבערקערעניש; דער איבערגאַנג פון פעאָדאַליזם צום מאָדערנעם קאַפּיטאַליזם?

איך: בונטן און אויפשטאַנדן זיינען טאַקע פאַר-געקומען אַ סך, און אויך רעוואָלוציעס זיינען פאָרגעקומען אַ היפּש ביסל. יעדער בונט, און אודאי יעדע רעוואָלוציע, ווערט אָן ספק אַנגעטריבן פון סאָציאַלע מאָמענטן. דאָס קען קיינער ניט לייקענען. וואָס איך האָב געזאָגט איז, אַז אין דער גאַנצער מענטשלאַכער געשיכטע איז ניטאָ קיין איין-איינציקער פאַל, ווען אַ געזעלשאַפטלאַכע אָרדנונג איז מיטאַמאָל, אַזוי צו זאָגן, איבערנאַכט, איבערגעביטן גע-וואָרן. די רעוואָלוציאָנערן צעמישן דאָ די צוויי באַגריפן: „קאַמף" און „רעוואָלוציע". דער געזעלשאַפטלאַכער קאַמף גייט אָן כסדר, אָן אויפהער, און אָט דער קאַמף דריקט זיך אַמאָל אויס אין אַ בונט אָדער אין אַן אויפשטאַנד — אָבער דאָס פּאַסירט בלויז דאָרט און דעמאָלט, ווען דער וועג פון פרייער געזעלשאַפטלאַכער אַנטוויקלונג איז פאַרשפּאַרט דורך אַ רעאַקציאָנערער מאַכט, ווען די רעגירער איגנאָרירן די

נויטן פון די מאַסן און לאַכן זיך אויס פון זיי. ווען די מאַסן ליידן נויט און זיי בונטעווען זיך, קען מען צו זיי קיין טענות ניט האָבן. ווען אָבער באוואוסטזיניקע פּאָליטישע פּאַרטייען שטעלן אַוועק אויפשטאַנד אָדער רעוואָלוציע פאַר אַ ציל, באַגייען זיי דערמיט אַ פאַרברעכן — דערפאַר ווייל די אידייע פון איבערמאַכן אַ געזעלשאַפטלאַכע אָרדנונג דורך אַ רעוואָלוציע איז אַן אוטאָפּיע, און מוז מיט זיך ברענגען בלויז אומגליק אויף די מאַסן. אַט־אַזאַ מין סאָציאַלע רעוואָלוציע איז אין דער געשיכטע קיינמאָל ניט פאָרגעקומען, און סאָציאַליסטישע פּאַרטייען טאָרן זיך אַזאַ ציל ניט שטעלן.

רעוואָלוציאָנער: און וואָס ווועסטו עפּעס זאָגן אויף דעם אַמעריקאַנער בירגער־קריג? פאַרוואָס איז שקלאַפעריי ניט אָפּגעשאַפט געוואָרן אין אַמעריקע אַן אַ בירגער־קריג? איז דאָס ניט געווען קיין סאָציאַלע רעוואָלוציע?

איך: דער אַמעריקאַנער בירגער־קריג איז טאַקע דער בעסטער באַווייז, ווי אומנויטיק רעוואָלוציעס זיינען, ווי אַזוי די זעלבע צילן, וואָס די רעוואָלוציע שטעלט זיך, קענען דערגרייכט ווערן מיט אומפאַרגלייכלאַך ווייניקער קרבנות און אַ סך בעסער ווי דורך אַ קריג. ווען הענרי קלעיס פאָרשלאַג, אַז די פעדעראַלע רעגירונג זאָל אויס־קויפן די שקלאַפן ביי די אייגנטימער, וואָלט אָנגענומען געוואָרן, — וואָלט עס דען ניט געווען אַ סך בעסער סיי

פאַר דעם לאַנד און סיי פאַר די נעגערס אַליין? די סומע, וואָס דאָס וואָלט אָפּגעקאָסט, האָט אָפּגעשראָקן דעם קאָנגרעס פון דעם דאָזיקן פּראָיעקט. אָבער לגבי דעם וואָס דער בירגער־קריג האָט אָפּגעקאָסט, וואָס פאַר ממשות וואָלט געהאַט די סומע וואָס עס וואָלט געקאָסט אויסצוקויפן די שקלאַפן? דער בירגער־קריג, ווידער, איז אָפיציעל אויס־געפאָכטן געוואָרן ניט צוליב דער אָפּשאַפונג פון שקלאַפעריי, נאָר גאָר צוליב דער גאַנצקייט פון לאַנד. לייענענדיק די געשיכטע פון אַמעריקע, ווערט כמעט יעדער רעוואָלוציאָנער אַנטוישט אין לינקאָלנס גרויסקייט. אַ שיינער באַפרייער פון שקלאַפן איז ער געווען, טענה'ן זיי געוויינלאַך, אַז בסך־הכל האָט ער גאָר געפירט דעם קריג פאַר דעם פּאַטריאָטישן צוועק פון אָנהאַלטן די איינקייט און גאַנצקייט פון די פאַראייניקטע שטאַטן. אָבער ווען דער רעוואָלוציאָנער נויטיקט זיך אין אַן אַרגומענט פאַר סאָציאַלער רעוואָלוציע, ווערט ביי אים דער בירגער־קריג אַ גוטער ביישפּיל, — הגם די באַפרייאונג פון די נעגערס אין אין דעם בירגער־קריג געווען אַ סעקונדערע פראַגע און איז צו־שטאַנד גע־בראַכט געוואָרן אַלס מיליטערישע באַשטראָפונג פאַר די רעבעלן. נאָך ערגער איז, וואָס פאַר אַ פּנים די באַפרייאונג פון די שקלאַפן האָט. דריי־פערטל יאָרהונדערט נאָך דעם בירגער־קריג זיינען די נעגערס נאָך אַלץ אַן אונטערדריקטע ראַסע אין דער סאַוט — זיי מוזן פאָרן אין באַזונדערע וואַגאָנען און טראַמווייען, זיי טאָרן זיך ניט ווייזן אין גאַס

נאָך אַ באַשטימטער שטונדע אין אָוונט, זיי ווערן באַרויבט פון זייערע רעכט, פּאָליטישע ווי עקאָנאָמישע, אויף פאַר־שיידענע אופנים א. א. וו. איז דען דער דאָזיקער צושטאַנד ניט אַ פּועל־יוצא פון דער ביטערקייט, וואָס דער בירגער־קריג האָט נאָך זיך איבערגעלאָזן? און וואָלטן דען די נעגערס היינט־צו־טאָג ניט געווען אין אַ בעסערער לאַגע, ווען זייער באַפרייאונג וואָלט פאָרגעקומען ניט אַלס רעזול־טאַט פון אַ קריג, נאָר שטופנווייז — לאָמיר זאָגן, דורך באַפרייען די קינדער פון די שקלאַפן, אָדער דורך אויס־קויפן זיי?

רעוואָלוציאָנער: אָבער פאַרוואָס איז פּאַרט פאָרגעקומען דער בירגער־קריג? באַווייזט עס דען ניט, אַז מענטשלאַכע עקשנות מוז פירן צו רעוואָלוציעס, און אַז אַזוי וועט עס אויך ווייטער זיין?

איך: אָט האָט אַלעקסאַנדער דער צווייטער אָפּגע־שאַפט פאָנשטשינע אין רוסלאַנד אָן אַ בירגער־קריג! אמת, מענטשלאַכע עקשנות פירט און וועט פירן צו צוזאַמענ־שטויסן. אַזוי איז עס אַלע מאָל געווען, און אַזוי וועט עס ווייטער זיין. אָבער די באַוואוסטזיניקע עלעמענטן, וואָס לערנען פון דער געשיכטלאַכער דערפאַרונג, אַז אין דער געשיכטע זיינען ניט פאַראַן קיין „קפיצת הדרכ׳ן", דאַרפן העלפן שטופן דעם קאַמף אויף די אויסגעטראָטענע וועגן פון סאָציאַלן רעאַליזם, און ניט דערלאָזן אַז דער שטרייט זאָל זיך פאַרנעמען אויף אוטאָפּיסטישע וועגן.

רעוואָלוציאָנער: וואָס דו מיינסט אין אמת'ן איז, אַז טאָמער ברעכט ערגעץ יאָ אויס אַ רעוואָלוציע, דאַרפֿן די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען זוכן זי אָפּצושטעלן, ניט דערלאָזן, אַז זי זאָל זיך אַנטוויקלען ביז איר לאָגישן סוף.

איך: אמת, אָט דאָס מיין איך טאַקע.

רעוואָלוציאָנער: דו רעדסט ווי אַ זאַטער מענטש. וואָלסטו געווען אַן אמת'ער פּראָלעטאַריער, וואָלסטו אַנדערש גערעדט. וואָס אַרט דיך, אַז עס וועט דויערן הונדערט אָדער צוויי הונדערט יאָר ביז דער סאָציאַליזם וועט קומען? דו קענסט וואַרטן.

איך: אָט האָסטו דיר! אַלע רעוואָלוציאָנערן כאַפּן זיך אָן פֿאַר דעם אַרגומענט פֿון פּערזענלאכן אינטערעס ווען אַלע אַנדערע אַרגומענטן לאָזן זיך אויס ביי זיי. אָט דער אַרגומענט פֿון „פּראָלעטאַרישער כשר'קייט" דערמאָנט זייער שטאַרק אָן דעם, וואָס דר. סעמיועל דזשאָנסאָן האָט אַמאָל געזאָגט וועגן פּאַטריאָטיזם — אַז דער פֿלאַג איז דער לעצטער מקום־מקלט פֿון יעדן שאַרלאַטאַן. איבערהויפּט חנ'עוודיק קלינגט דער דאָזיקער אַרגומענט ווען ער קומט פֿון אַזעלכע ווי דו, וואָס כאָטש דו ביזט אַ דאָקטאָר און באַשעפֿטיקסט ניט קיינעם, באַטרעפֿט אָבער דיין יערלאכע הכנסה וועניקסטנס פֿיר מאָל אַזוי פֿיל ווי עס טראָגט אויס דיין חלק לויט דער נאַציאָנאַלער הכנסה. לייען איבער, אויף טשיקאַוועס, פּראָפֿעסאָר קאָול'ס בוך „עקאָנאָמיק פּלע־

נינג״, וואו ער באווייזט, אַז אַפילו אונטער אַ סאָציאַליס־
טישער אָרדנונג וועט די יערלאכע הכנסה פון אַ דורכ־
שניטלאכער פאַמיליע אין די רייכע פאַראייניקטע שטאַטן
זיין ניט מער ווי ארום 2,000 דאָלאר. פון שטאַנדפּונקט
פון גלייכקייט, איז אַן עקספּלואַטאַטאָר יעדער איינער וואָס
פאַרדינט מער ווי עס טראָגט אויס זיין חלק פון דער נאַ־
ציאָנאַלער הכנסה — אַלץ איינס צי ער עקספּלואַטירט
אימיצן דירעקט אָדער אומדירעקט. אַז איינער פאַרברויכט
מער ווי עס טראָגט אויס אויף זיין חלק, מוז אימיצן פעלן
צו זיין חלק. לויט דעם וואולגאַריזירטן מאַרקסיזם איז
אפשר אַ ספּעקולאַנט ניט קיין עקספּלואַטאַטאָר, כל זמן
ער באשעפטיקט ניט קיינעם דירעקט און מאַכט ניט קיין
דירעקטן ריוח פון יענעמס אַרבעט, אַפילו ווען ער זאָל
פאַרדינען טויזנט דאָלאר אַ וואָך פון זיינע שאַכער־מאַכער־
אָפּעראַציעס, — בעת אַ בעל־מלאכה וואָס אַרבעט אַליין און
באשעפטיקט איינעם אָדער צוויי אַרבעטער איז דער אמת׳ער
עקספּלואַטאַטאָר, אַפילו ווען ער שלאָגט זיך קוים דורך
מיט דער חיונה. דאָס איז אָבער לעכערלאך. ווען די מאָס
פון סאָציאַלער גלייכקייט זאָל אָנגעווענדט ווערן פון די
רעוואָלוציאָנערע פאַרטייען ביים אָננעמען שטיצע, וואָלטן
זיי שוין לאַנג געצוואונגען געווען צו פאַרמאַכן זייערע
פאַרשיידענע קרעמלאך. ניט נאָר בעמען אָן זייערע איינ־
סטיטוציעס שטיצע פון אַזעלכע „רעוואָלוציאָנערן״, וועלכע
לעבן ווי אַמאָליקע רוסישע גענעראַל־גובערנאַטאָרן, מיט

דינסטן, אויטאָמאָבילן, זומער־וואוינונגען א. א. וו., נאָר צווישן זייערע מיטגלידער זיינען פאַראַן, צום ביישפּיל, גענוג דאָקטוירים, וועלכע זיינען געוואָרן גבירים פון קרי־מינעלע אָפּעראַציעס.

רעוואָלוציאָנער: הייסט עס, אַז אַזעלכע אָפּע־ראַציעס באטראכסטו שוין אויך פאַר „קרימינעלע״?

איך: ניט וועגן די אָפּעראַציעס גופא גייט מיר דאָ, נאָר וועגן דעם וואָס אַזאַ דאָקטאָר זויגט אויס דאָס בלוט פון יעדערן וואָס האָט דעם אומגליק אריינצופאַלן אין זיינע נעגל. איך קען ניט איינעם אַזעלכן צווישן די „רעוואָלו־ציאָנערן״. און אין קאַמף קעגן ציוניזם שטעלן זיך דען די קאָמוניסטן אָפּ פון באנוצן זיך מיט דער הילף פון עקס־פּלואַטאַטאָרן? האָט דען די „פרייהייט״ ניט געמאַכט דאָ ניט לאַנג אַ גאַנצן טאַראַראַם מיט אַ בריוו פון אַן אַלטן סאָציאַליסט, וועלכער איז אַ באוואוסטער סוועט־שאָפּ אייגנ־טימער? אַזוי לאַנג ווי מ׳שטיצט זיי אָדער מ׳העלפט זיי מיט געלט, שטעלן די רעוואָלוציאָנערן זיך ניט אָפּ פרעגן פון וואַנען דאָס געלט קומט, צי שטעלט דאָס דאָזיקע געלט אַמאָל מיט זיך ניט פאָר דאָס שווייס און בלוט פון אויס־געזויגטע אַרבעטער־מיידלאך, פון „שיקסעס״. קוים אָבער דערוועגט זיך אימיצער ניט איינצושטימען מיט זיי, דע־מאָלט הויבן זיי גלייך אָן זוכן פערזענלאכע פּגימות ביי דעם קעגנער. אָט אַזאַ פּנים האָט עס, ווען דו, דער דאָק־טאָר וואָס פאַרדינט 200 דאָלאר אַ וואָך און מער, זוכט

צו פסל׳ענען מיך, דעם בעל־מלאָכה וואָס אַרבעט מיט איינעם אָדער צוויי אַרבעטער, פון אָנטייל נעמען אין אַ רעוואָלוציאָנערן מנין?

רעוואָלוציאָנער: אפשר ביזטו ניט קיין עקס־פּלואַטאַטאָר, אָבער אַ פאַשיסט ביזטו סיי ווי סיי!

איך: וואָס? איך — אַ פאַשיסט? איך בין דאָך גאָר אַ ליידנשאפטלאכער דעמאָקראַט! אַ פאַשיסט ביזט דו! ניט נאָר דו און אַזעלכע ווי דו זיינען פאַראַנטוואָרט־לאך דירעקט פאַר דעם סאָוועטישן רויטן פאַשיזם, נאָר אומדירעקט אויך פאַר דעם שוואַרצן און ברוינעם פאַשיזם!

רעוואָלוציאָנער: ווי דערוועגסטו זיך צו רעדן וועגן רויטן פאַשיזם?! עס איז גאָר ניטאָ קיין גרעסערע מצוה איידער צו דערשיסן אַזעלכע ווי דו — טאָקע „ווי די משוגענע הינט!״ —

און בעת ער האָט עס ארויסגערעדט האָבן זיינע אויגן געשפּריצט מיט אומבאשרייבלאכער שנאה און מיט מאָרד־לוסט.

ווי אַ געביסענער בין איך אויפגעשפּרונגען, האָב אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער טיר און בין געלאָפן איבערן גאַס ווי אַ אינגעלע — און דער בליק פון מיין אַלטן יוגנט־חבר, דעם רעוואָלוציאָנער, איז מיר נאָכגעלאָפן. וואָס איז דאָס געווען פאַר אַ בליק? איז עס געווען דער בליק פון קין׳ען בעת ער האָט דער׳הרג׳עט זיין ברודער הבל? ניין. אין חומש ווערט דערציילט, אַז קין האָט נאָך דעם מאָרד דעם

גאַנצן לעבן זיינעם געטראָגן אַ צייכן אויף זיין שטערן, און מ'דאַרף דאָס פאַרשטיין אין דעם זין אַז זיין געוויסן האָט אים כסדר געפּלאָגט. אָבער דער פייער פון שנאה אין די אויגן פון מיין פריינט, דעם רעוואָלוציאָנער, האָט ניט געגעבן קיין אָנדייטונג אַז ער איז גאָר פעאיק אויף געוויסן-ליידן. ניין, אין זיינע אויגן האָבן איך דערקענט ניט קין'ען, נאָר . . . טאָרקוועמאַדאַן, דעם פאַנאַטיקער וואָס איז גרייט צו מאָרדן ניט ליידנדיק אַפילו פון אַ קראַנקן געוויסן דערנאָך.

I

# איז מאַרקסיזם און סאָציאַליזם איינס און דאָסזעלבע?

דער רמב"ם זאָגט: „ווען איך פאַרשטיי גאָט, וואָלט איך אַליין געווען אַ גאָט" („אלו ידעתיו הייתיו"). הייסט עס, אַז אַזוי ווי אַ מענש איז ניט קיין גאָט, קען ער בשום אופן ניט פאַרשטיין וואָס אַזוינס גאָט איז. מיט די דאָזיקע ווערטער האָט דער רמב"ם אויסגעדריקט די גרעסטע פאַר־הערלאַכונג פון דעם גאָט־באַגריף וואָס מ'קען זיך נאָר פאָרשטעלען — גאָט איז אַזוי גרויס, אַזוי אַלאומפאַסנד, אַזוי אַל־וויין, אַז אַ מענש, וועלכער איז אַזוי קליין און נישטיק, קען אים אַפילו ניט משיג זיין.

אַזעלכע רייד האָבן אַ זין ווען זיי באַציען זיך אויף גאָט. עס איז אָבער זינלאָז אַזוי צו ריידן וועגן מענשן. פשוט דערפאַר, ווייל אין דעם גרעסטן מענשן איז פאַראַן אַ געוויסע מאָס קליינקייט, און אין דעם קלענסטן מענשן איז פאַראַן אַ פונק פון גרויסקייט; און בכלל איז דער גרויסער מענש אָפּגערוקט פון דעם מיטלמעסיקן בלויז אויף דער ברייט פון אַ האָר. אמת, בלויז די אויסדער־ווילטע קענען אַריבערשפּרייזן אָט דעם קליינטשינקן שטח'ל,

אָבער דער שטח איז פאַרט אַ קלענער, און מענשן טאָרן ניט פאַרגעטערן אַנדערע מענשן, וואָס האָבן דאָס יאָ באַוויזן צו דערגרייכן. דאָך זעען מיר כסדר ארום זיך פאַרשיידנערליי חסידים, וואָס פאַרגעטערן דעם אָדער יענעם פירער אָדער לערער, די אָדער יענע תורה, מיט אַזאַ בלינדן פאַנאַטיזם, אַז זיי ווערן אַבסאָלוט אומפעאיק צו הערן און פאַרשטיין די שפּראַך פון לעבן און ציען פון איר די געהעריקע שלוסן. פון אַלע זייטן זעען מיר מענשן, וואָס זיינען אין אַ געוויסער צייט פון זייער לעבן, מערסטנס אין זייער פריער יוגנט, אַנגעשטעקט געוואָרן מיט אַ געוויסער „איבערצייגונג", וועלכע גייען ארום זייער גאַנצן לעבן און זוכן רק פאַקטן און באַווייזן וואָס זאָלן העלפן באשטעטיקן אָט די ערשטע ליבע זייערע, פאַרמאַכנדיק זייערע אויגן און אויערן צום לעבן גופא.

צי נעמט זיך דאָס דערפון, ווייל דער מענש האַלט פון זיך אַזוי ווייניק, אַז אין זיין בישטיגקייט פילט ער אַ באדערפעניש אָנצוטשעפּען זיך אָן עפּעס אַ „שטערן"; אָדער צי נעמט זיך דאָס, פאַרקערט, דערפון, וואָס דער מענש האַלט פון זיך אַזוי פיל, אַז עס ווילט זיך אים בשום אופן ניט צוגעבן דאָס ער האָט ווען־עס־איז געמאַכט אַ טעות אין חשבון, — דאָס איז אַ רעטעניש, וואָס ס'איז שווער פותר צו זיין. אָבער דער פאַקט גופא קען ניט פאַרלייקנט ווערן.

אַט די געדאַנקען קומען מיר אין קאָפּ ווען איך טראַכט וועגן מאַרקסיזם.

עס האָט געלעבט אַ מענש מיטן נאָמען קאַרל מאַרקס. ער איז אָן ספק געווען אַ געניאַלער מענש, אַ טיפזיניקער דענקער און אַ דורכדרינגענדיקער אַנאַליטיקער. דערצו האָט ער, לעבנדיק אַליין אין דער גרעסטער נויט, אַלע זיינע פעאיגקייטן אָפּגעגעבן דעם סאָציאַליסטישן אידעאַל און באַוועגונג. ער האָט אומגעהויער באַרייכערט דעם סאָציאַליזם און געלאָזן זיין שטאַמפּ ניט נאָר אויף אים נאָר אויף דעם גאַנצן מענשלאכן געדאַנק. סאָציאַליסטן און אידן מעגן געוויס שטאָלץ זיין מיט אים און טייער האַלטן זיין אָנדענק. אָבער קאַרל מאַרקס האָט געשאַפן זיינע ווערק מיט וועלכע דריי־פערטל הונדערט יאָר צוריק. זינט יענער צייט האָט זיך עפּעס אַ טו געטאָן אין דער וועלט. דאָס לעבן האָט באַוויזן, אַז ניט אין אַלץ איז מאַרקס געווען גערעכט, און אַז אַפילו דאָרט וואו ער איז יאָ געווען גערעכט האָט ער אַביסל אַריבערגעכאַפּט די מאָס. עס איז ניט קיין נאָווינע אין דער וועלט פון פילאָזאָפיע אָדער אַפילו פון וויסנשאַפט ווען עס שטייט־אויף איינער און באַווייזט אַז דער גאַנצער בנין פון זיינעם אַ פאָרגענגער איז געבויט געוואָרן אויף אַ זאַמדיקן באָדן, און קיינעם איז קיינמאָל ניט איינגעפאַלן אַז דערמיט ווערט אויף אַ האָר געמינערט די גרויסקייט פון דעם אָפּגעפרעגטן. פאַר־וואָס־זשע זאָל עס זיין אַנדערש בנוגע מאַרקסן?

פונדעסטוועגן זעען מיר ווי עקשנות'דיק עס פאַר־טיידיקן אונזערע „מאַרקסיסטן" דעם מינדעסטן „קוצו של יוד" פון עפּעס אַ פּסוק מאַרקסעס, ממש ווי די גאַנצע וועלט וואָלט געשטאַנען אויף דעם; זיי וואָלטן גיכער גע־לאָזט די וועלט אונטערגיין איידער עפּעס אַ געבאָט פון מאַרקסיזם זאָל פּסול ווערן. בסך הכל, זיינען דאָ זייער ווייניק צווישן אונזערע מאַרקסיסטן אַזעלכע, וואָס זיינען געקומען צום מאַרקסיזם אין זייערע רייפערע יאָרן, ווען זיי זיינען לכל הפחות געווען באַקאַנט אויך מיט אַנדערע טעאָריעס און שיטות אין פּאָליטישער עקאָנאָמיע. איך ווייס ניט צי מ'וואָלט געקענט פאַרברויכן אַלע פינגער פון איין האַנט ביים אָנציילן יענע מאַרקסיסטן צווישן אונז, וועלכע זיינען ניט געוואָרן מאַרקסיסטן אין זייערע אינגלשע יאָרן, וועלכע האָבן בכלל געוואוסט פון אַן אַנדער פּאָליטיש־עקאָנאָמישער תורה חוץ מאַרקסיזם. דאָך — און אפשר טאָקע דערפאַר — האַלטן זיי זיך מיט אַלע זייערע כחות אָן יעדן אות פון מאַרקסיזם און ווילן בשום אופן ניט צוגעבן די נויטוועגדיגקייט אים צו רעווידירן אין די אינ־טערעסן פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

אין אַלגעמיין איז דער מאַרקסיסטישער אַנאַליז פון דער אַנטוויקלונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער עקאָנאָמיע מערקווירדיק באַשטעטיקט געוואָרן פון לעבן גופא. סיי די אומגעהויערע קאָנצענטראַציע פון רייכטימער אין די הענט פון אַ קליינעם פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג

און סיי די פּעריאָדישע קריזיסן, וועלכע ווערן וואָס ווייטער אַלץ שאַרפער, ווייזן ווי טיף און ווי ריכטיק מאַרקס האָט פאַרשטאַנען דעם עקאָנאָמישן אַנטוויקלונגס־פּראָצעס. אָבער די רעזולטאַטן פון אָט די טענדענצן זיינען ניט אין אַלע פּרטים די זעלביקע ווי מאַרקס האָט זיי פאָראויסגעזען.

ערשטנס, זיינען די אַרבעטער־מאַסן ניט געוואָרן אַלץ אָרימער מיט דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַ־ליזם, ווי מאַרקס האָט פאָראויסגעזאָגט. פאַרקערט, האָבט אין האַנט מיט דער פאַבלהאַפטער אָנזאַמלונג און קאָנ־צענטרירונג פון רייכטימער האָט דער קאַפּיטאַליזם אויך אַ סך פאַרבעסערט די לאַגע פון די אַרבעטנדע מאַסן און באַדייטנד אויפגעהויבן זייער לעבנס־סטאַנדאַרד. היפּשע טיילן פון די האַרעפּאַשנע מאַסן שפּאָרן אָפּ אין די גוטע צייטן גענוג געלט צו קענען דורכקומען אויף אייגענע מיטלען ווען־ניקסטנס אַ טייל פון דער צייט פון אַרבעטס־לאָזיגקייט. דערצו האָט די אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם אריינגעצויגן אין דער פּראָדוקציע מער ווי איין מיטגליד פון דער פאַמיליע, און אין אַ שלעכטער צייט קומען ווי־עס־איז אויס אַ סך פאַמיליעס דורך דער אַרבעט פון איינעם פון זייערע מיטגלידער. צוליב אָט דעם איז מעגלאַך גע־וואָרן, אַז צען מיליאָן און מער מענשן זאָלן ארומגיין אַרבעטסלאָז אין די פאַראייניקטע שטאַטן, צום ביישפּיל, און קיין רעוואָלוציע זאָל דאָך ניט אויסברעכן.

צווייטנס, איז טראָץ דער גוואַלדיקער פּראָלעטאַריזאַציע

פאָרט דער פּראָלעטאַריאַט ניט געוואָרן די אַבסאָלוטע מער־הייט אין דער געזעלשאַפט. חוץ דעם וואָס דער פּראָלע־טאַריאַט גופא האַנדלט ניט אַלעמאָל ווי אַ געזעלשאַפט־לאַכע איינהייט, איז זיין אַלמעכטיגקייט אין דער געזעל־שאַפט ניט אַזוי אַבסאָלוט ווי מאַרקס האָט עס דערוואַרט; בעת אַנדערע קלאַסן, — ווי דער מיטל־קלאַס, צום ביי־שפּיל, וועלכן מאַרקס האָט אינגאַנצן אָפּגעזאָגט דאָס לעבן, — זיינען געוואָרן פאַרהעלטניסמעסיק איינפלוס־רייכער.

די סאָציאַליסטישע באַוועגונג קען ניט און טאָר ניט פאַרקוקן אָט די אַנטוויקלונגען. זי מוז צופּאַסן איר טאַק־טיק צו די געענדערטע אומשטענדן, אַלץ איינס צי דאָס שטימט גאַנצע הונדערט פּראָצענט מיט דעם וואָס מאַרקס האָט געזאָגט אָדער ניט. און זי טוט עס טאַקע! פון איין זייט איז אויפגעקומען אין דער סאָציאַליסטישער באַווע־גונג די קאָמוניסטישע ריכטונג, וועלכע האָט פאַרלאָרן דעם געדולד צו וואַרטן ביז דער פּראָלעטאַריאַט וועט ווערן די מערהייט פון דער געזעלשאַפט און פּלאַנט ביי דער ערשטער מעגלאַכקייט צו פאַרכאַפּן די מאַכט דורך דער געוואַלט פון אַ מינדערהייט. פון דער אַנדערער זייט, ווידער, אַנט־וויקלט זיך די „רעפאָרמיסטישע" ריכטונג אין דער סאָציאַ־ליסטישער באַוועגונג, וועלכע איז גרייט אויסצונוצן אויך אַנדערע אונטערדריקטע קלאַסן פון דער געזעלשאַפט — הויפּטזעכלאַך דעם פּויערטום און די פאַראָרימטע מיטל־

קלאַסן — פאַר דער דורכפירונג פון סאָציאַליזם. וואָס זיינען די דאָזיקע הויפּט־ריכטונגען אין סאָציאַליזם פון אונזער צייט, אויב ניט אַ צופּאַסונג צום לעבן און צו זיינע פאָדערונגען?! כאָטש ביידע ריכטונגען רעדן אָפט אין נאָמען פון מאַרקסן, זיינען אָבער ביידע אין דער אמת׳ן אַן אָפּנויג פון דעם שטרענג־מאַרקסיסטישן וועג.

פונדעסטוועגען געפינען זיך געגנוג חסידים, ביי וועמען די מאַרקסיסטישע דאָגמע איז אַזוי קאַנאָניזירט, אַז זיי זיינען גרייט צו שטעלן זי העכער פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג גופא. לעצטנס האָבן אַ סך „מאַרקסיסטן” זיך דערטראַכט צו דער חכמה, אַז דער מאַרקסיזם איז אין אמת׳ן גאָר ניט קיין פּראָגראַם פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, נאָר אַ מעטאָד פון פאָרשונג. אויף אַזוי ווייט ווי דער מאַרקסיזם איז אַ מעטאָד פון פאָרשן געשיכטע און סאָציאָלאָגיע, וואָלט ארום אים גאָרניט געשאַפן געוואָרן אַזוי פיל הייס בלוט. זיינען דאָך זאָגאַר פאַראַן קעגנער פון סאָציאַליזם, וואָס זיינען אַנהענגער פון דער מאַרקסיסטישן פאָרשונגס־מעטאָד. זיין גרויסע, לעבנס־וויכטיקע באַדייטונג באַקומט דער מאַרקסיזם דורך דעם וואָס ער איז געוואָרן די פּראָגראַם פון דער מאָדערנער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, און ניט דורך דעם וואָס ער איז אַן אַרשין צו מעסטן סאָציאַלע טענדענצן. עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז די וואָס שטופּן ארויס דעם געדאַנק אַז מאַרקסיזם איז בלויז אַ פאָרשונג־מעטאָד טוען עס בלויז

כדי צו באווייזן, אַז מאַרקס און זיין תורה זיין הייליק אויף אייביק און אייביק; זיי זיינען גרייט אויסצולעדיקן דעם נוס פון זיין גאַנצן אינהאַלט, איבערלאָזנדיק בלויז אַ פוסטע שאָלאכץ, אַבי ניט מודה צו זיין אַז מאַרקס האָט געקענט וואו־ניט־וואו מאַכן אַ טעות אָדער אַז זיי אַליין האָבן געקענט מאַכן אַ טעות.

ווי אַנדערש קען מען דאָס אָנרופן, ווי פשוט'ע עבודה־זרה ?!

די וועלט טרייסלט זיך אויף אירע ביישטידלאַך, זי וואָרפט זיך אין קאָנוואולסיעס צווישן רעוואָלוציע און פאַשיזם, און דאָ געפינען זיך מענשן וואָס עס גייט זיי ממש אין לעבן צו באווייזן, אַז עפּעס אַ פּינטל איבער עפּעס אַן אות אין עפּעס אַ פסוק פון אַ געוויסן „ספר פּראַלניק" איז קודש־קדשים! גרעסערע פּלפּוליסטיק און בטלנות איז זיך שווער פאָרצושטעלן!

***

קאַרל מאַרקס אַליין איז געווען אַ סאָציאַליסט פריער ווי ער איז געוואָרן אַ „מאַרקסיסט". דער מארקסיזם — דאָס איז דאָך אייגנטלאך מאַרקסעס פּראָגראַם פאַר דער סאָציאַליסטישער באוועגונג, דער אָנגעצייכנטער וועג אויף וועלכן צו גיין כדי אָנצוקומען צו דעם געגאַרטן לאַנד.

אין אַלע צייטן זיינען געווען מענשן, וואָס האָבן גע־טרוימט וועגן אַ בעסערער וועלט, וועגן אַ לעבן פון יושר און גלייכקייט. די דאָזיקע טרוימען האָבן אָבער צו גאָר־

ניט דערפירט, ווייל עס האָט געפעלט דער געזעלשאפט־לאכער כח וואָס זאָל זיי פאַרווירקלאכן. ווען דער קאַפּי־טאַליזם האָט גענומען צוזאַמענברענגען מאַסן מענשן אין ווערקשטאַטן, מילן און פאַבריקן צו אַרבעטן דאָרט פאַר שכירות מיט געצייג און מאַשינען, וואָס באַלאַנגען ניט צו זיי; ווען אָט די מענשן, וועלכע געפינען זיך אונטער איין דאַך און וועמען אַ געמיינשאפטלאכער שיקזאַל האָט פאַר־אייניקט און צעמענטירט, האָבן גענומען ארויסווייזן סמנים פון גרייטקייט און חשק צו קעמפן קעגן זייערע באַלע־באַטים און אונטערדריקער, — האָט מאַרקס דאָ פאַר זיך דערזען יענעם אינסטרומענט, וואָס די געשיכטע אַליין האָט צוגעגרייט פאַר דער דורכפירונג פון סאָציאַליזם.

דער סאָציאַליסטישער אידעאַל איז געווען שוין פון פריער. עס האָט אָבער געפעלט די רעוואָלוציאָנערע אַרמיי, וואָס זאָל קעמפן פאַר אים. מאַרקס האָט אויף זיך גע־נומען די ראָלע פון דעם רעוואָלוציאָנערן סטראַטעגיקער, וואָס האָט זיך געשטעלט די גרויסע אויפגאַבע אויסצו־שמידן פון דעם פּראָלעטאַריאַט יענע רעוואָלוציאָנערע אַרמיי, וואָס זאָל דורכפירן דעם סאָציאַליזם אין לעבן. מיט דער גרעסטער ענערגיע האָט ער זיך אריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט דורכצופירן דעם שידוך צווישן דעם סאָציאַליזם און דעם פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז אין זיינע אויגן אַן אמת'ער זיווג מן השמים.

ווי יעדער „שדכן", האָט מאַרקס אַ היפּש ביסל איבער־

טריבן. וועגן דער כלה — דעם סאָציאַליזם — האָט ער קוים געקענט איבערטרייבן; זי איז ווירקלאַך מלא חן און די שיינקייט פון אַלע זונען שטראַלט פון איר ארויס. אָבער די מעלות פון דעם חתן — דעם פּראָלעטאַריאַט — דעם „נדן" און די „מתנות" וואָס ער קען און וועט ברענגען דער כלה, האָט מאַרקס זייער אַ סך „צוגעפּוצט"; ער האָט דעם חתן אַ קאַפּיטשקע שוין צופיל פאַרליובט און אידעאַליזירט, און אָפּט אויפן רעכענונג פון אַנדערע געזעלשאַפטלאַכע עלעמענטן. וואָס איז דאָ דער וואונדער, אַז נאָכדעם ווי דער „האָניק-מאָנאַט" איז אַריבער האָט מען גענומען אויסגעפינען ביסלאַכווייז דעם יונגן באַלעבעסל'ס חסרונות, און מען האָט גענומען ראַטן דאָס חנ'עוודיקע ווייבל אונטערצופלירטעווען אַביסל מיט אַנדערע לייטישע יונגעלייט?! עס איז דאָ אַ סברא, אַז אַזאַ מין פלירטעווען מצד דעם ווייבל קען נאָך אַמאָל פאַרשטאַרקן איר רייץ אין די אויגן פון דעם באַלעבעסל גופא.

וועלכע מעלות האָט מאַרקס אַנטדעקט אין דעם פּראָלעטאַריאַט, וואָס מאַכן אים ראוי צו זיין דער איינציקער היסטאָרישער כח דורכצופירן דעם סאָציאַליזם?

ראשית, האָט ער די מעלה, וואָס ער איז אַזאַ קלאַס, וואָס אונטערשיידט זיך פון אַנדערע קלאַסן דערמיט וואָס ער האָט ניט קיין אייגענע געצייג אָדער מאַשינען אויף צו פאַרדינען זיין אויסקומעניש און מוז פאַרדינגען זיין אַרבעטס-קראַפט צו אַנדערע, צו קאַפּיטאַליסטן. דאָס אַליין,

זיין אייגנטומלאָזיגקייט, מוז אים מאַכן פאַר אַ רעוואָלו־ציאָנער קעגן דער גאַנצער אינסטיטוציע פון פּריוואַט־אייגנטום פון די מיטלען פון פּראָדוקציע און פאַרטיילונג. דער דאָזיקער אומשטאַנד, הייסט דאָס, פירט דערצו, אַז זיינע קלאַסן־אינטערעסן פאַלן צוזאַמען מיט די העכסטע אינטערעסן פון דער מענשהייט.

שנית, שטעלט דער פּראָלעטאַריאַט מיט זיך פאַר אַ קאָנצענטרירטן געזעלשאַפטלאַכן כח, וועמען עס קומט במילא אויס צו פירן אַ ביטערן קאַמף קעגן זיינע קלאַסן־שונאים. ער שטעלט דעריבער מיט זיך פאַר די פּאָטענ־ציעלע אַרמיי פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע.

די דאָזיקע געדאַנקען זיינען אָן ספק טיפע און לאָגישע. די צרה איז אָבער וואָס דאָס לעבן האָט די מיאוס'ע טבע כסדר צו באַווייזן, אַז ניט אַלץ וואָס איז לאָגיש איז הונ־דערט פּראָצענט אמת נאָכדעם ווי עס גייט דורך די פּראָבע פון דערפאַרונג.

די דערפאַרונג ווייזט, אַז כאָטש אין אַ גענעראַליזירטן זין איז דער פּראָלעטאַריאַט אַ באַזונדערער קלאַס, איז אָבער דער פאַקט אַליין פון באַזיצלאָזיגקייט — וואָס איז דער צד השוה, דער אייגנטימלאַכער שטריך פון אַלע פּראָלעטאַריער — נאָך ניט גענוג, אַז די אינטערעסן פון אַלע זיינע טיילן זאָלן אין דער פּראַקטיק באמת זיין איינע און די זעלבע. דער אַרבעטער־קלאַס גופא איז צוטיילט אויף אָן אַ שיעור שיכטן, אָפּט מיט פאַרשיידענע אינטע־

רעסן. געוויס ווילן אַלע אַרבעטער אַרבעטן וואָס קירצערע שטונדן און פאַרדינען וואָס מער. אָבער אַזוי ווי די מעג־לאַכקייטן זיינען ניט אין אַלע אינדוסטריען גלייך, אַנט־וויקלען זיך פאַרשיידענע לעבנס־סטאַנדאַרדס צווישן די אַרבייטער פון פאַרשיידענע אינדוסטריען, אַזוי אַז עס זיינען פאַראַן גאָר באַדייטנדע אַרבעטער־שיכטן וואָס שטייען אַ סך נענטער אין זייער לעבנס־אַרט צום מיטל־קלאַס ווי צו די נידעריקערע שיכטן פון אַרבעטער־קלאַס, און עס זיינען אויך פאַראַן שיכטן פון מיטל־קלאַס, וועלכע באַזיצן יאָ אייגנטום — ווי קליינע בעלי־מלאָכות און פאַרמערס — וואָס שטייען אַ סך נענטער אין זייער לעבנס־אַרט צו די אָרימסטע אַרבעטער ווי צו קאַפּיטאַליסטן. נאָך אַלעמען, הענגט אָפּ איינעמס שטימונג מער אָן דעם וויפיל ער קריגט אַרויס דורך זיין אַרבעט, דאָס הייסט, ווי אַזוי ער לעבט, איידער פון דעם צי ער באַזיצט יאָ די געצייג מיט וועלכע ער אַרבעט אָדער ניט. ווען איינער באַזיצט מער איינגע־בוירענע פעאיגקייטן אָדער מער בילדונג, קען ער אָפּט פאַרדינען מער און לעבן בעסער אַרבעטנדיק פאַר יענעם, ווי אַן אַנדערער אַרבעטנדיק פאַר זיך. דערפאַר איז אַ גרויסער ספק, צי איז טאַקע באַזיצלאָזיגקייט דער איינ־ציקער אָדער אַפילו דער וויכטיקסטער באַדינג פאַר אַ רעוואָלוציאָנערן געמיט — סיידן מ'זאָל פעאיגקייט, טאַ־לאַנט, בילדונג א. א. וו. אויך פאַררעכענען פאַר אייגנטום. און דעריבער איז אויך אַ ספק, צי איז טאַקע דער פּראָ־

לעטאַריאַט דער איינציקער פּאָטענציעלער כח פאַר דער דורכפירונג פון סאָציאַליזם.

עס ווייזט גאָר אויס, אַז די גרעסטע סאָציאַלע רעוואָלוציאָנערן קען מען גיכער געפינען צווישן יענע שיכטן, וועלכע ווערן דורך דעם לעבן ארויסגעשטויסן פון זייערע פריערדיקע פּאָזיציעס און זיי קענען ניט אַזוי גרינג געפינען קיין נייע געזעלשאפטלאכע פּאָזיציעס, איידער צווישן יענע שיכטן וועלכע בלייבן אויף זייערע פּאָזיציעס, אַפילו ווען זיי זיינען אַרבעטער. דערמיט דערקלערט זיך אפשר די גרויסע צאָל רעוואָלוציאָנערן צווישן דעם פּאַראַרימטן מיטל־קלאַס.

דער פּראָלעטאַריאַט איז זיכער אַ טייל פון די אָרימע שיכטן פון דער געזעלשאפט, אָבער עס זיינען דאָ גענוג אָרימעלייט צווישן די פאַרמערס, און אויך צווישן אָרימע בעל־מלאָכות. עס איז דעריבער אַ טעות פון דער סאָציאַליסטישער באוועגונג אָװעקצוגעבן דעם גאַנצן „מאָנאָפּאָל״ אויף סאָציאַליזם צום פּראָלעטאַריאַט און אָנצונעמען אַז זיינע אינטערעסן זיינען אַלעמאָל אידענטיש מיט די צילן פון סאָציאַליזם. עס קען זייער גריילאך זיין, אַז צווישן אַרבעטער־קלאַס געפינט דער סאָציאַליזם מער אָנהענגער ווי צווישן אַנדערע אָרימע שיכטן, און אַז אין זיינע רייען וועט ער קענען רעקרוטירן די מערסטע קעמפּער פאַר זיין דורכפירונג. אָבער אַפילו ווען דאָס זאָל זיין אמת, איז דאָס אויך נאָך ניט גענוג גרונט צופיל צו אידעאַליזירן

און פאַרהערלאכן דעם אַרבעטער און איגנאָרירן מבטל מאַכן די אַנדערע אָרימע שיכטן.

דאָס וואָס די אַרבעטער פירן אַ קלאַסן־קאַמף איז נאָך ניט קיין באַוויז, אַז מ׳קען זיי אַלעמאָל איינשפּאַנען אין דעם קאַמף פאַרן סאָציאַליזם. אָבער אַפילו ווען מען זאָל דאָס יאָ קענען, איז דערפון נאָך ניט געדרונגען אַז מ׳דאַרף זיי דערפאַר אָוועקגעבן די גאַנצע בכורה און אַז די גאַנצע באַוועגונג מוז זיין באַזירט אויסשליסלאך אויף דער אַר־בעטער־אידעאָלאָגיע. די געשיכטע וייס צו דערציילן, ווי אַזוי די פּרעטאָרישע גוואַרדיע אין פאַרצייטיקן רוים, וועלכע איז לכתחילה געשאַפן געוואָרן אום צו באַשיצן די „קרוין״, איז נאָכדעם געוואָרן דער באַלעבאָס איבער איר און האָט זי פאַרקויפט צו יענעם נאָבלמאַן, וואָס האָט באַ־צאָלט דעם העכסטן פּרייז פאַר איר. עס קען זיין, אַז דער פּראָלעטאַריאַט וועט צושטעלן די אַרמיי פון דעם סאָציאַ־ליזם, אָבער אַן אַרמיי איז נאָך ניט דאָס גאַנצע פאָלק, און ס׳איז געפערלאך צופיל צו צופּיעסטען אַן אַרמיי אויב מ׳וויל פאַרמיידן אַז זי זאָל טאַקע ניט אָנהויבן צו באַ־טראַכטן זיך פאַר „דאָס פאָלק״.

מעגלאך, אַז נאָך אַלע רעוויזיעס פון מאַרקסיזם וועט מען סוף כל סוף קומען צום שלוס, אַז די פּראָלעטאַרישע אָריענטאַציע פון מאָדערנעם סאָציאַליזם איז פאָרט די איינציק־פּראַקטישע. אָבער אַפילו דעמאָלט קען אַלץ ניט שאַטן צו „דעבאָנקן״ אַ היפּש ביסל פון דעם פאַרוואולגאַ־

ריזירטן „מאַרקסיזם". צופיל מענשן וואָס לעבן אין וואויל־טאָג האַלטן זיך פאַר כשר'ע פּראָלעטאַריער לגבי אָרימע בעל־מלאָכות און מיטל־קלאַס מענשן בלויז דערפאַר וואָס זיי אַרבעטן פאַר שכירות; צופיל גוט־באַצאָלטע שטאָטישע אַרבעטער זיינען גלייכגילטיק צו דעם וויי־געשריי פון די אָרימע פאַרמערס, וועלכע קייען די ערד און לעבן אַ סך אָרימער פון זיי, בלויז פאַר דעם „חטא" וואָס זיי באַזיצן אַ שטיקל ערד!

אַפילו ווען דער מאַרקסיזם איז תורת משה אין ברייטן און גאַנצן, שאַדט ניט פונדעסטוועגן אַז מ'זאָל אים באַפרייען פון זיין גראָבער וואולגאַריזאַציע, און די סאָציאַליסטישע באַוועגונג קען דערפון זיכער אַ סך געווינען.

יעדנפאַלס איז געקומען די העכסטע צייט פעסטצושטעלן די אַקסיאָמע, וואָס איז שוין באַלד כמעט פאַרגעסן געוואָרן, אַז סאָציאַליזם און מאַרקסיזם זיינען ניט נויטווענדיקערווייז איינס און דאָסזעלבע. מאַרקס האָט אריינגעלעגט אַ סך נייעם אינהאַלט אין דעם סאָציאַליזם, און האָט איבערגעלאָזן דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אַ גוואַלדיקע גייסטיקע ירושה, פון וועלכער ניט זי וויל און ניט זי קען זיך ווען־עס־איז באַפרייען, אָבער מ'טאָר ניט פאַרגעסן אַז עס איז געווען סאָציאַליזם אויך פאַר מאַרקסן, און אַז אויב די צייט זאָל באַווייזן אַז מאַרקס איז געווען ניט אינגאַנצן גערעכט און זיינע הויפּט־הנחות וועט סאָציאַליזם אויך ווייטער בלייבן די האָפענונג פון דער מענשהייט.

## II

# דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם

שרייבער איבער פילאָזאָפישע ענינים האָבן אָנגעוויזן ניט איין מאָל, אַז דער געדאַנק, דאָס די געשיכטע פון דער מענשהייט איז ניט מער און ניט ווייניקער ווי די געשיכטע פון דעם מענטש אין דער געזעלשאַפט, איז זייער אַן אַלטער. שוין אַריסטאָטל האָט אָנגעוויזן, אַז דער געדאַנק דאָס געשיכטע איז ניט מער ווי „די פּאָליטיק פון דער פאַרגאַנגענהייט" איז פאַלש, און אַז עס איז פאַראַן אַן אינערלאכע אינטעררעלאַציע צווישן פּאָליטיק, עטיק און עקאָנאָמיע. פונדעסטוועגן איז די געשיכטס־שרייבעריי דאָך פאַרבליבן אין די הענט פון „ראָמאַנטיקער", וועלכע האָבן געמיינט אַז געשיכטע ווערט געמאַכט דורך דעם „גרויסן מאַן", דורך דעם „גאון פון דער צייט", דורך קאַפּריזן פון דינאַסטיעס און קיסרים, דורך דעם וואָס אַ בן־מלך האָט זיך צוקריגט מיט אַן אַנדער בן־מלך צוליב עפּעס אַ שיינער בת־מלכה, א. א. וו.

קאַרל מאַרקס האָט זיך ניט צופרידן געשטעלט בלויז מיט דעם געדאַנק, אַז עס איז פאַראַן עפּעס אַ פאַרבינדונג צווישן היסטאָרישע פּאַסירונגען און דעם אופן ווי אַזוי דער

מענש לעבט. מאַרקס האָט געזוכט צו דערגיין דעם סוד, וואָס עס זיינען די הויפּט־אורזאַכן פון געזעלשאַפטלאכער אַנטוויקלונג, און ער איז געקומען צום אויספיר אַז זיי זיינען עקאָנאָמישע; אַז עקזיסטירנדע געזעלשאַפטלאכע באַציאונגען הענגען אָפּ פון פריערדיקע עקאָנאָמישע ענדערונגען; אַז עקאָנאָמישע אינסטיטוציעס זיינען היסטאָרישע קאַטעגאָריעס, און אַז געשיכטע גופא מוז פאַרטייטשט ווערן אין ליכט פון עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג כדי פאַרשטאַנען צו ווערן.

מאַרקס האָט גענומען דאַרווינס געדאַנק פון עוואָלוציע אין דער וועלט פון בעלי־חיים און האָט אים אַריבערגעטראָגן אין דעם געביט פון געזעלשאַפטלאכע באַציאונגען. דער קאַמף צווישן פאַרשיידענע עקאָנאָמישע קלאַסן אין דער געזעלשאַפט פאַרנעמט ביי מאַרקסן דעם זעלבן אָרט אין געזעלשאַפטלאכער אַנטוויקלונג, וואָס „נאַטירלאכער אָפּקלייב" פאַרנעמט אין דאַרווינס אַנטוויקלונגס־טעאָריע אין ביאָלאָגיע.

ערנעסט באָקל האָט געזוכט צו באַווייזן, אַז דער מענש איז אַ פּראָדוקט פון זיין פיזיקאַלישער אומגעבונג. מאַרקס אָבער האָט אַנטדעקט אַז חוץ דעם וואָס דער מענש איז באַגרעניצט און ארומגעקרייזט פון זיין פיזיקאַלישן ארום איז ער אין אמת'ן אַ פּראָדוקט פון געזעלשאַפטלאכע באַציאונגען; אַז דעם מענשנס פּאָליטיק, עטיק און זיין

גאַנצע „אידעאָלאָגיע” הענגט אָפּ פון דעם אופן ווי אַזוי ער פאַרדינט זיין חיונה, פון זיינע עקאָנאָמישע אינטערעסן.

אָט דער געדאַנק, אַז די מענשלאכע געשיכטע ווערט אָנגעטריבן דורך מאַטעריעלע, עקאָנאָמישע אינטערעסן — ווערט אָנגערופן „היסטאָרישער מאַטעריאליזם”.

***

פון היסטאָרישן מאַטעריאליזם איז שוין ניט מער ווי איין שפרייז צום געדאַנק פון „עקאָנאָמישן דעטערמיניזם”.

אויב אונזערע איצטיקע געזעלשאפטלאכע באציאונגען זיינען אַ רעזולטאַט ניט פון עפּעס אַ צופאַל אָדער אַ קאַפּריז נאָר פון פריערדיקע עקאָנאָמישע ענדערונגען, איז דאָך קלאָר אַז די צוקינפטיקע סאָציאַלע באציאונגען וועלן באַשטימט ווערן דורך די עקאָנאָמישע ענדערונגען וואָס קומען פאָר אין אונזער צייט. און אויב דאָס איז אַזוי, קען מען דורך אַן אַנאַליז פון די עקאָנאָמישע ענדערונגען אין אַ געגעבענעם פעריאָד פאָראויסזאָגן וואָס עס וועט זיין דער נעקסטער עטאַפּ אין דער געזעלשאפטלאכער אַנטוויקלונג.

מיט דער מאָס פון היסטאָרישן מאַטעריאליזם האָט מאַרקס זיך גענומען פאַר דער ריזיקער אויפגאַבע צו אַנאַליזירן דעם פּראָצעס פון פּראָדוקציע און צירקולאַציע פון דעם מאָדערנעם קאַפּיטאַליזם, און צו באווייזן ווי אַזוי דער נאַטירלאכער אַנטוויקלונגס־גאַנג פון דער קאַפּיטאַליס־טישערווירטשאפט מוז סוף כל סוף דערפירן צו איר צוזאַמענברוך, און איר אָרט וועט פאַרנעמען אַ קאָאָפּעראַ־

טיווע ווירטשאַפט־סיסטעם — סאָציאַליזם. אָט די אַרבעט איז געווען מאַרקס׳ לעבנס־אויפגאַבע. דער רעזולטאַט פון זיינע געניאַלע אַנאַליטישע פאָרשונגען איז פאַרקערפּערט אין די דריי דיקע בענדער פון זיין „קאַפּיטאַל”, וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר אַ מאָנומענט פון מענשלאַכער גרויס־קייט, וואָס האָט קוים אַ גלייכן צו זיך.

מאַרקס׳ אַנאַליז פון דער קאַפּיטאַליסטישער עקאָנאָמיע ווערט אַלגעמיין אַנערקענט אַלס אַ מייסטערהאַפּטער. דערצו האָט דער אַלערהעכסטער „רעוויזאָר”, דאָס לעבן גופא, באַשטעטיקט ווי ריכטיק מאַרקס האָט פאַרשטאַנען די גע־זעצן פון דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג. אָבער אַנאַליזירן און פאַרשטיין געוויסע כחות איז איין זאַך, און פאָראויסזאָגן מיט באַשטימטקייט צו וועלכע ענדערונגען זיי מוזן פירן איז גאָר אַן אַנדער זאַך, איז אַ זאַך וואָס איז אפשר איבער די כחות פון אַ מענשן, אַפילו פון דעם גע־ניאַלסטן. זאָגאַר דעמאָלט ווען אַ היסטאָרישע אַנטוויק־לונגס־טענדענץ איז פעסטגעשטעלט, בלייבט נאָך אַלץ פּראָ־בלעמאַטיש, צום ביישפּיל, די שנעלקייט־ראַטע פון דער דאָ־זיקער אַנטוויקלונג. אָבער אַפילו די אויפגאַבע פון באַ־אָבאַכטן און אַנאַליזירן געוויסע צושטאַנדן איז ניט אַזוי איינפאַך און די שלוסן וואָס מ׳ציט פון אַזעלכע באָאָבאַכ־טונגען זיינען גאָר ניט אַזעלכע זיכערע, ווי מ׳האָט אַמאָל געמיינט. אין דער לעצטער צייט זיינען וויסנשאַפטסלייט

ניט אינגאַנצן זיכער מיט דעם אָביעקטיוון ווערט פון זייערע באַאָבאַכטונגען זאָגאַר אין דער פיזיקאַלישער וועלט.

עס איז העכסט אינטערעסאַנט צו הערן וואָס עס האָט צו זאָגן וועגן דעם איינער פון די גרעסטע פיזיקער פון אונזער צייט, ניט קיין אַנדערער ווי פּראָפעסאָר אַלבערט איינשטיין. ענדע דעצעמבער, 1934, האָט איינשטיין גע־האַלטן אַ לעקציע איבער אַ געוויסער נייער מאַטעמאַטישער פאָרמולע אין פאַרבינדונג מיט זיין רעלאַטיוויטעט־טעאָריע פאַר אַ געקליבענעם עולם פון 400 מענשן. נאָך דער לעקציע האָט ער געענטפערט אויף פראַגן, וואָס מ׳האָט אים געשטעלט. אימיצער האָט אים געפרעגט, „צי וועט די וויסנשאפט סוף־כל־סוף צוריקקערן דעם פּרינציפּ פון שטרענגער קאַוזאַליטעט צו זיין פריערדיקן שטאַנד?״ און אָט וואָס איינשטיין האָט אויף דעם געענטפערט:

„דאָס איז אַ פראַגע וועלכע קען ניט געענטפערט ווערן. אין פריערדיקע צייטן האָבן וויסנשאפטסלייט געגלויבט, אַז מ׳קען פעסטשטעלן דעם פּרינציפּ פון קאַוזאַליטעט אין אָט דעם זין: דאָס אויב מ׳האָט פאַר זיך אַן אָנפאַנג־צושטאַנד, און מ׳באַאָבאַכט עס, און אויב מ׳ווייס די געזעצן פון דער נאַטור, דעמאָלט קען מען פאָראויסזאָגן דעם צושטאַנד פון דער סיסטעם אין דער צוקינפטיקער צייט. אָבער הייסענבערג האָט געוויזן, אַז דאָס איז ניט דער פאַל, וואָרים מ׳קען ניט באַאָבאַכטן דעם אָנפאַנג־צושטאַנד ניט באַאיינפלוסנדיק דעם צושטאַנד אויף אַן אופן וואָס איז אונז

ניט באַקאַנט, און דאָס מאַכט אומעגלאַך צו וויסן דעם אָנפאַנג־צושטאַנד, און דאָסזעלבע דעם ענדלאַכן צושטאַנד, און דעריבער קען דער פּרינציפּ פון קאַוזאַליטעט ניט פעסטגעשטעלט ווערן עקספּערימענטאַל. דערמיט איז די פראַגע נאָך ניט געענטפערט, וואָרים מ׳קען פרעגן צי דער ענדלאַכער צושטאַנד האָט אַ דעטערמיניסטישע פאָרם אָדער בלויז אַ וואַרשיינלאַכקייט־פאָרם. דעם ענטפער אויף דעם קען קיינער ניט וויסן, אָבער איך וייס אַז די מערסטע פייזקער גלויבן דאָס די לעצטע פאָרם פון אונזער פיזיקאַלישן געזעץ איז סטאַטיסטיש (ניט־דעטערמיניסטיש). איך אַליין גלויב אין אַ דעטערמיניסטישער פאָרם. אויך מאַקס פלאַנק גלויבט אַזוי ווי איך. אויב מ׳קען ניט באטראכטן דעם צושטאַנד פון אַ סיסטעם, קען מען אַפילו ניט פרעגן צי עס איז דעטערמיניסטיש אָדער ניט, אָבער דאָס איז הויפּטזעכלאַך אַ געשמאַק־זאַך. איך גלויב אַז אונזערע פיזיקאַלישע געזעצן וועלן סוף כל סוף דערקלערט ווערן אין אַ דעטערמיניסטישער פאָרם, אָבער די מערסטע פיזיקער גלויבן ניט אַזוי״.

אויב אין דער פיזיק וייס קיינער ניט צי דער ענד־לאַכער צושטאַנד האָט אַ דעטערמיניסטישע פאָרם אָדער בלויז אַ וואַרשיינלאַכקייט־פאָרם, און די מערסטע פיזיקער גלויבן דאָס די לעצטע פאָרם פון פיזיקאַלישן געזעץ איז ניט דעטערמיניסטיש נאָר סטאַטיסטיש, און כאָטש איינ־שטיין און פלאַנק גלויבן אַז פיזיקאַלישע געזעצן וועלן סוף

כל סוף דערקלערט ווערן אין אַ דעטערמיניסטישער פאָרם, זאָגט ער פונדעסטוועגן אַז דאָס איז הויפּטזעכלאך „אַ געשמאַק־זאַך", — אויב דאָס איז אַזוי אין דער פיזיק, וואָס־זשע זאָלן מיר שוין דענקען וועגן דעטערמיניזם אין דער סאָציאָלאָגיע! אויב מ'קען ניט באָאָבאַכטן אַ פיזיקאַלישן אָנפאַנג־צושטאַנד ניט באַאיינפלוסנדיק אים „אויף אַן אופן וואָס איז אונז ניט באַקאַנט" — טאָ וויפיל מאָל מער אמת איז דאָס אין סאָציאָלאָגישע פראַגן, וואו עס איז אונז שוין גאָר גוט באַקאַנט, ווי שווער עס איז צו געפינען אַן אמת־אָביעקטיוון באָאָבאַכטער!

אַז מאַרקס אַליין האָט אַ טעות געהאַט ביים אָפּשאַצן די שנעלקייטס־ראַטע פון דעם קאַפּיטאַליסטישן אַנטוויקלונגס־פּראָצעס, וועמעס געזעצן ער האָט אַזוי גרינטלאך אויסגעפאָרשט, איז אַ באַוואוסטער פאַקט. קאַרל קאַוטסקי האָט שוין אָנגעוויזן, אַז מאַרקס האָט דערוואַרט דעם צוזאַמענברוך פון דעם קאַפּיטאַליזם יעדן מאָל ווען אַ ווירטשאַפטלאכער קריזיס האָט אויסגעבראָכן, אין דער צייט ווען דער קאַפּיטאַליזם האָט זיך נאָך פאַקטיש געפונען אין זיינע וויקעלאך. וואָס־זשע איז דער וואונדער, וואָס גאָר אַ סך דעקנער האָבן דעם חשד, אַז מאַרקס' דעטערמיניסטישע נביאות זיינען שטאַרק באַאיינפלוסט געוואָרן פון זיין סאָציאַליסטישן וואונש?!

מ'קען זיך גאַנץ גרינג פאָרשטעלן, אַז כאָטש מאַרקס' אַנאַליז דאָס די פלאַנלאָזע אַרכאַאישע קאַפּיטאַליסטישע

פּראָדוקציע פירט אומפאַרמיידלאך צו פּעריאָדישע קריזיסן איז אַ ריכטיקע, זאָל זיך אָבער ארויסשטעלן אַז זיין נביאות וועגן דעם פולשטענדיקן צוזאַמענברוך פון קאַפּיטאַליזם ווי אַ רעזולטאַט פון דעם איז ניט מער ווי אַ וואונש. עס איז מעגלאך, אַז דער קאַפּיטאַליזם וועט באווייזן צו קענען אויסהאַלטן די באפעלקערונג אין די שלעכטע צייטן דורך „אומנאַטירלאכע" מיטלען — דורך רעליף, „דאָולס", דורך ארונטערדריקן דעם לעבנס־סטאַנדאַרד פון די מאַסן, דורך באגרעניצן צייטוויייליק זיין אייגענע „פרייהייט" א. א. וו. — ביז די סטיכיע פון דעם קריזיס וועט פאַרענדיקן איר ציקל, און גוטע צייטן וועלן ווידער קומען, — אַט ווי מיר האָבן עס, למשל, געזען אין אַלע פריערדיקע קריזיסן. און אויב עס זאָל זיך ארויסשטעלן, אַז דער קאַפּיטאַליזם גופא וועט זיך ניט אַליין פאַרניכטן, ווי מאַרקס האָט גע־גלויבט, — וועלן דען צוליב דעם מענשן אויפהערן צו שטרעבן צו אַן אָרדנונג, וואָס זאָל זיין באַזירט אויף יושר און גלייכקייט?

סיי ווי סיי, אַפילו ווען דער היסטאָרישער מאַטעריא־ליזם זאָל זיין הונדערט פּראָצענט ריכטיק, איז אָבער דער עקאָנאָמישער דעטערמיניזם אַ גליטשיקער און געפערלא־כער וועג, ווייל ער מוז פירן צו אַנטוישונגען.

***

אייגנטלאך איז דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם ניט איינגאַנצן קיין נייער געדאַנק. פילאָזאָפן און דענקער,

וועלכע שטעלן זיך ניט צופרידן מיט דערשיינונגען ווי זיי זעען אויס אויף דער אויבערפלאַך און גראָבן טיפער, האָבן שוין לאַנג באמערקט אַז דער מענש האָט ניט קיין פול־שטענדיק פרייען ווילן, אַז ער איז געבונדן דורך עפּעס אַ „שיקזאַל", דורך פאַרשיידענע אינסטינקטן, נייגונגען און געוואוינהייטן — סיי גע'ירשנ'טע און סיי אַקוויזירטע. דער היסטאָרישער מאטעריאליזם האָט אָנגעוויזן, אַז צו די אַלע אַנדערע שטריקעלאַך מיט וועלכע דער מענשלאַ־כער ווילן איז געבונדן, איז פאַראַן נאָך אַ שטריק — לויט זיין מיינונג, די שטאַרקסטע — וואָס צווינגט דעם מענשן צו באוועגן זיך בלויז אין געוויסע גרעניצן, וועלכע ווערן באשטימט דורך דעם אופן ווי אַזוי ער פאַרדינט זיין אויס־קומעניש אין דער געזעלשאפט; און ניט נאָר איז דער מענש באגרעניצט אין זיין פאָרשריט־מעגלאכקייט דורך די עקאָנאָמישע פּראָדוקציע־פאָרמען, נאָר אַפילו זיינע גע־דאַנקען און געפילן הענגען אָפּ פון זיי און ענדערן זיך צוזאַמען מיט זיי.

דאָס זיינען אַלץ זייער טיפזיניקע און גייסטרייכע פילאָזאָפישע ספּעקולאַציעס. עס איז אָבער אַ גרויסער ספק צי זיי האָבן עפּעס אַ פּראַקטישן ווערט סיי פאַר איינצלנע מענשן און סיי פאַר באוועגונגען פון מענשלאכע גרופּן אָדער קלאַסן.

איין זאַך מוז זיין קלאָר פאַר אַלעמען: אַפילו דער היסטאָרישער מאַטעריאליזם קען ניט אָפּלייקענען אַז אין

באַשטימטע גרעניצן עקזיסטירט פּאַרט אַ געוויסע מאָס „פרייהייט" פאַר דעם יחיד. די מאָס פרייהייט איז פאַרשיידן אונטער פאַרשיידענע אומשטענדן, אָבער זי איז פאַרט פאַראַן אין איין גראַד אָדער אַ צווייטן. דער מעכאַנישער פערד אין אַ קאַרוסעליע האָט בלויז די „פרייהייט" צו גיין ארויף און אַראָפּ אַ באַשטימטן שטח; אַ הונט אויף אַ קייט האָט די פרייהייט זיך צו באַוועגן אין דעם שטח ווי לאַנג די קייט איז; אַ הונט אָן אַ קייט איז אויך געבונדן דורך דעם גראַד „צוגעבונדנקייט" צו זיין באַלעבאָס, אָבער ער באַזיצט שוין מער פרייהייט פון ווילן ווי אַ הונט אויף אַ קייט; און אַ מענש האָט געוויס מער פרייהייט פון ווילן ווי אַ הונט און אודאי און אודאי מער ווי דער פערד אין דער קאַרוסעליע.

„בעל כרחך אתה חי", קעגן זיין אייגענעם ווילן לעבט דער מענש; אָבער פונדעסטוועגן זיינען פאַראַן גאָר אַ סך מענשן וואָס מאַכן אַ סוף צו זייער לעבן ווען ער ווערט זיי איבערדריסיק אָדער אומדערטרעגלאך; און עס זיינען אויך פאַראַן ניט וועניק מענשן וואָס זיינען מקריב זייערע לעבנס פאַר פאַרשיידענע אידעאַלן. דאָס שטעלט דאָך מיט זיך פאַר אַ געוויסן גראַד פון „פרייהייט". בכלל שטעלט זיך דער מענש וועניק אָפּ אין זיין טאָג־טעגלאכן לעבן און טעטיגקייט דורך דעם, וואָס ער ווייס אַז ער איז ניט דער באַלעבאָס איבער זיין אייגענעם שיקזאַל. טראָץ דעם וואָס ער ווייס גאַנץ גוט, אַז מאָרגן קען ער שוין זיין טויט, גייט

דער מענש פונדעסטוועגן אָן מיט זיינע טאָג־טעגלאַכע אַרבעטן און אַמביציעס, ווי ער וואָלט באמת געווען דער הערשער איבער זיין צוקונפט. אין די גרעניצן פון זיינע מעגלאַכקייטן טוט ער וואָס ער קען. אין דעם פּראַקטישן לעבן פון דעם איינצלנעם מענשן שפּילן קיין שום ראָלע ניט אַזעלכע פראַגן צי דער מענש האָט אַ פרייען ווילן אָדער ניט.

דאָסזעלבע איז אויך מיט גאַנצע גרופּן מענשן. אויך מענשלאַכע גרופּן קימערן זיך ווייניק וועגן דעם, אין וועלכע גרעניצן זיי קענען עפּעס דערגרייכן אָדער ניט, און טוען וואָס זיי קענען, וואָס עס לאָזט זיך, צו פאַרווירקלאַכן פאַרשיידענע האָפענונגען, טרוימען און פאַרלאַנגען.

מיר זעען — סיי אין דער געשיכטע און סיי אין אונזער אייגענער צייט — וואָס פאַר אַ גוואַלדיקן איינפלוס מענשן איבן אויס אויף זייער צייט. עס קען טאַקע זיין, אַז ווען די אומשטענדן וואָלטן ניט געווען גענוג רייף וואָלטן זיי גאַרניט געקענט אויפטאָן, אָבער זיי אַליין טרייבן פונדעסטוועגן היפש אונטער דעם פּראָצעס פון אַנטוויקלונג און ענדערונג. קען אימיצער אָפּלייקענען די גוואַלדיקע ווירקונג וואָס לענין, צום ביישפּיל, האָט געהאַט אויף דעם גאַנג פון דער רוסישער רעוואָלוציע? און ווי קומט עס, וואָס די סאָציאַלע רעוואָלוציע האָט אויסגעבראָכן דוקא אין רוסלאַנד, אין אַ לאַנד פון פּויערים, וואו די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג האָט זיכער ניט געצוואונגען

דערצו? איז דען ניט קלאָר, אַז די באָלשעוויקעס האָבן זיך באַנוצט מיט זייער „פּריוויליגיע" צו מאַכן די סאָציאַלע רעוואָלוציע ווען עס האָט זיך געמאַכט אַ גינסטיקע געלעגנהייט, ניט רעכענענדיק זיך דערביי מיט דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון לאַנד? דער פאַרשטאָרבענער א. ש. זאַקס האָט מיר אַמאָל דערציילט, אַז ניקאָלאַי בוכאַרין, דער באָלשעוויסטישער טעאָרעטיקער, האָט ערגעץ־וואו פאַרענטפערט דעם דאָזיקן ווידערשפּרוך אויף פאָלגענדן אופן: ווען אַ מענשלאַכער אָרגאַניזם איז פאַרגיפטעט, טרעפט אָפט, אַז דער פוכיר רייסט אויף ניט אין יענעם טייל פון קערפּער וואָס איז אַם שטאַרקסטן אָנגעגריפן געוואָרן פון דער גאַנגרענע, נאָר גאָר אין אַן אַנדער פּלאַץ. דאָס זעלבע איז מיט דעם קאַפּיטאַליסטישן קערפּער. ער איז טויטלאַך פאַרגיפטעט און האַלט ביי גסיסה, און אַזוי ווי רוסלאַנד איז דאָך אויך אַ טייל פון דעם קאַפּיטאַליסטישן אָרגאַניזם האָט זיך גראַד געמאַכט אַז דער פוכיר האָט אויפגעריסן צוערשט אין רוסלאַנד אָנשטאָט אין די הויך־אַנטוויקלטע לענדער. אָבער די סאָציאַלע רעוואָלוציע וועט אויך באַלד קומען אין די אַנדערע לענדער. זי מוז קומען.

אַ פיינער פּשט'ל איז עס. פונדעסטוועגן מעג מען צווייפלען, צי די באָלשעוויקעס וועלן אויפגעבן זייערע סאָציאַליסטישע דערגרייכונגען אין רוסלאַנד, אויב די סאָ־

ציאָלע רעוואָלוציע וועט חלילה ניט אויסברעכן אין דער איבעריקער וועלט.

אַפילו דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם טרייבט ניט זיין טעאָריע צו דעם אַבסורד, אַז אַזוי ווי דער מענש קען גאָרניט אויפטאָן דאַרף ער דעריבער זיצן מיט פאַרלעגטע הענט און וואַרטן ביז דער היסטאָרישער פּראָצעס וועט אַלץ אַליין אָפּטאָן. דער מענש האָט זיין באַשטימטן אָרט אין דעם אַנטוויקלונגס־פּראָצעס פון דער געזעלשאַפט, און דעם דאָזיקן אָרט פילט ער אויס דורך זיין שטרעבן צו געוויסע מענשלאַכע אידעאַלן. פּונקט ווי דער יחיד, אַזוי גייט אויך דער כלל אָן מיט זיין אַרבעט ניט רעכענענדיק זיך מיט אַזעלכע פילאָזאָפישע פראַגן ווי וויט עס גרייכט זיין פריי־הייט עפּעס צו דערגרייכן. באַוואוסטזיניקע געזעלשאַפט־לאַכע באַוועגונגען זיינען אייגנטלאך בלויז פאַראינטערע־סירט אין יענעם שטח, אין וועלכן זיי האָבן יאָ די פרייהייט פון באַוועגונג.

ווען מאַרקסיסטן זאָגן, אַז די אינטערעסן פון פּראָ־לעטאַריאַט פאַלן צוזאַמען מיט די העכסטע אינטערעסן פון דער מענשהייט, איז אין דעם זיכער פאַראַן אַ געוויסער ווידערשפּרוך, ווייל דער געדאַנק, אַז עס זיינען פאַראַן אַבסאָלוטע אידעאַלן וואָס באַהערשן מענשן אין אַלע צייטן — ווי, צום ביישפּיל, דער דראַנג צו אמת, יושר און שיינקייט, — ווערט דאָך אָפּגעלייקנט פון דעם היסטאָרישן מאַטעריאַליזם, ווייל ער מיינט דאָך אַז אַזאַ זאַך ווי אַ

מענשלאכער אידעאַל איז גאָר אינגאַנצן ניטאָ; אַז עס איז פאַראַן בלויז קלאַסן־אינטערעס, אָבער ניט אידעאַל. אָבער אַפילו ווען מ׳פאַרקוקט אַט דעם אינערלאכן ווידערשפּרוך צווישן היסטאָרישן מאַטעריאַליזם און אידעאַלן בכלל, דעם סאָציאַליסטישן איינגעשלאָסן, בלייבט נאָך אויך די פראַגע, וואָס פאַר אַ פּראַקטישן נוצן האָט די סאָציאַליסטישע באַוועגונג פון דעם שידוך מיט דעם היסטאָרישן מאַטעריאַליזם?

עס איז אַ טעות צו מיינען, אַז דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם העלפט פירן די סאָציאַליסטישע באַוועגונג אויף דעם וועג פון פּראַקטישקייט. פאַרקערט, ער האָט גאָר די סאָציאַליסטישע באַוועגונג געהאָלפן ארויפשטופן אויף די פאַרדרייטע וועגן פון דאָגמאַטיזם, וואָס איז פונקט דער היפך פון פּראַקטישקייט. היסטאָרישער מאַטעריאַליזם און פּראַקטישקייט זיינען גאַנץ פאַרשיידענע זאַכן. מ׳דאַרף ניט זיין קיין היסטאָרישער מאַטעריאַליסט איינצוזען, צום ביישפּיל, אַז מ׳קען ניט באַנוצן וואַסער־קראַפט דאָרט וואו עס איז גאָר קיין טייך ניטאָ, אָדער אַז מ׳קען ניט קריכן אויפן בוידים אָן אַ לייטער.

דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם איז אין אמת׳ן אַ ריין־אַקאַדעמישע פראַגע, וואָס האָט זיין פּלאַץ אין דער געשיכטס־פילאָזאָפיע, אָבער פאַר דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג האָט עס קיין פּראַקטישע באַדייטונג ניט.

***

ווי יעדער אידעאַל בכלל, נויטיקט זיך דער סאָציאַ־ליזם קודם כל אין אַ פונדאַמענט פון יושר. ווען ישעיה הנביא זאָגט: „בית בבית יקריבו עד אפס מקום”, פילט יעדערער די שרייענדיקע אומגערעכטיגקייט דערפון. עס שרייען און בריקען זיך טאַקע די, וועמען דער שוד קוועטשט, די פאַר וועמען עס איז ניט געבליבן קיין פּלאַץ צוליב דעם וואָס די רייכע האָבן אַלץ פאַרכאַפּט פאַר זיך, אָבער זיי האָבן אויך אויף זייער זייט די סימפּאַטיע פון יעדן גערעכטיגקייטס־ליבענדן מענשן.

דער אַבסטראַקטער פּרינציפּ פון יושר און גלייכקייט איז ווייט ניט קיין פּוסטע „ראָמאַנטיק”, מחמת דער דראַנג נאָך יושר איז זייער אַ ממשות׳דיקער רעאַליסטישער כח. די ראָמאַנטיק איז שעדלאך בלויז דאָרט וואו זי האָט ניט הינטער זיך קיין רעאַליסטישן פונדאַמענט, אָבער דאָרט וואו זי האָט יאָ אַזאַ פונדאַמענט איז זי ניט נאָר נוצלאך, נאָר אָפט וואָלט דאָס לעבן געווען אומדערטרעגלאך אָן איר.

עס וועט זיין גענוג צו ברענגען נאָר אַ פּאָר ביישפּילן כדי צו פאַרשטיין וואָס פאַר אַ ראָלע ראָמאַנטיק שפּילט אין מענשלאכן צוזאַמענלעבן.

וואָס פאַר אַ פּנים וואָלט געהאַט די באַציאונג צווישן די געשלעכטער, ווען מ׳זאָל פון איר ארונטערנעמען דעם ראָמאַנטישן צודעק אָדער אילוזיע פון ליבע? עס קען אפשר זיין, אַז אין אַ פילאָזאָפישן זין האָט דער פאַרקער צווישן די געשלעכטער בלויז דעם איין־איינציקן צוועק פון

„פריה ורביה", אָבער וועלכער ציניקער איז גרייט דאָס צו אָנערקענען אַלס דעם איינציקן באַזיס פון צוזאַמענלעבן פון מאַן און פרוי, אויסלאַכנדיק ליבע, פריינטשאַפט, פאַמיליע?

פילאָזאָפיש אָדער היסטאָריש איז אפשר אויך אמת, אַז ווען מענשן ווייזן ארויס ליבשאפט צו זייערע קינדער טוען זיי דאָס גאָר אין אמת'ן ניט צוליב די קינדער נאָר צוליב זיך אַליין, צוליב דעם אייגענעם „איך" וואָס ווערט אויסגעדריקט און פאַרגעזעצט דורך די קינדער. אָבער ווער וועט זיך אונטערשטעלן אָפּצולייקענען די גוואַלדיקע ראָמאַנטיק וואָס באַהערש די באַציאונג פון מענשן צו זייערע קינדער? און וועלכער שד וואָלט געהאַט דעם טרויעריקן מוט פאָרצולעגן, אַז דער פערזענלאַכער, עגאָאיסטישער אינטערעס זאָל ווערן דער לייטנדער מאָטיוו אין די באַציאונגען פון עלטערן צו קינדער?

אויך די סאָציאַליסטישע באַוועגונג בויטיקט זיך אין דער „ראָמאַנטיק" פון אידעאַליזם, אַפילו ווען דער אַלגעמיינער בליק פון דעם היסטאָרישן מאַטעריאַליזם זאָל זיין אַ ריכטיקער. פונקט אַזוי ווי עס איז ניט דערלאָזבאַר, אַז דער „פריה ורביה"־פּרינציפּ זאָל פאַרנעמען דעם אָרט פון ליבע און געטריישאַפט אין די טאָג־טעגלאַכע באַציאונגען צווישן מאַן און פרוי, און אַז עלטערן זאָלן אין זייער פראַקטישער באַציאונג צו זייערע קינדער אָנגערעגט ווערן פון באַוואוסטזיניקן עגאָאיזם, — פונקט אַזוי איז

אויך שעדלאך פאַר דעם סאָציאַליזם זיך צו אָריענטירן אויף אינטערעס אָנשטאָט אויף יושר און מאָראַל.

אין אָט דעם זין איז דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם זאָגאַר שעדלאך פאַרן סאָציאַליזם. אויף אַזוי ווייט ווי אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג ווייזן זיך טענדענצן פון פּאָליטישן און קולטורעלן ציניזם, פון פאַרגעטערונג פון ברוטאַלער מאַכט, — וואָס שטויסן אָפּ פון איר אַ סך עלעמענטן, און וועלכע זי קען איר פּראָגראַם קיינמאָל ניט דורכפירן, — קומט דאָס דירעקט פון דעם איינפלוס וואָס די לערע פון היסטאָרישן מאַטעריאַליזם האָט געהאַט אויף איר. וואָס גיכער דער שידוך צווישן די צוויי וועט אָפּגעלאָזט ווערן, אַלץ געזינטער און בעסער וועט עס זיין פאַר דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, וואָרים קיין גלייכע פּאָר זיינען זיי אייגנטלאך קיינמאָל ניט געווען.

III

# מאַרקס׳ ווערט־טעאָריע און דער סאָציאַליזם

דער ווערט פון אַ סחורה מיינט: די ראַטע לויט וועלכער די דאָזיקע סחורה ווערט אויסגעביטן אויף אַנ־דערע סחורות. אויב אַן אָנצוג, צום ביישפּיל, קען אויס־געביטן ווערן אויף פינף פּאָר שיך, מיינט עס אַז דער ווערט פון אָנצוג איז פינף מאָל אַזוי גרויס ווי דער ווערט פון אַ פּאָר שיך, און דער ווערט פון אַ פּאָר שיך איז אַ פינפטל פון דעם ווערט פון אַן אָנצוג.

אָבער וואָס איז דער עקאָנאָמישער כח וואָס באַשטימט דעם רעלאַטיוון ווערט פון סחורות?

די „אָפיציעלע״ פּאָליטישע עקאָנאָמיע האַלט, אַז דער ווערט פון אַ סחורה ווערט באַשטימט דורך נאָכפראַגע און אָנבאָט: ווען עס איז דאָ אַ דחק אין אַ געוויסער סחורה (דאָס הייסט, ווען די נאָכפראַגע איז גרעסער פון דעם אָנבאָט) הויבט זיך דער ווערט פון דער דאָזיקער סחורה; ווען, פאַרקערט, עס איז דאָ אַ שפע אויף אַ געוויסער סחורה (ד. ה. ווען דער אָנבאָט איז גרעסער פון דער נאָכפראַגע) פאַלט דער ווערט פון דער סחורה. לויט אָט

דער טעאָריע קומט אויס, אַז דער קוואַל, פון וועלכן יעדער ווערט שטראָמט ארויס, איז דער מענשלאכער פאַרלאַנג, און דער רעלאַטיווער ווערט פון אַ סחורה ווערט באשטימט דורך דעם גראַד פון פאַרלאַנג וואָס מענשן האָבן פאַר איר. יעדער איינער מענש, זאָל עס הייסן, האַלט כסדר אין איין באַלאַנסירן די פאַרשיידענע פאַרלאַנגען זיינע; ער איז גרייט אויפצוגעבן אָדער אָפּצולעגן די צופרידנשטעלונג פון אַ געוויסן פאַרלאַנג זיינעם צוליב דער צופרידנשטעלונג פון אַן אַנדער פאַרלאַנג, וואָס ער האַלט פאַר וויכטיקער, נויטיקער אָדער דרינגענדער. יענע סחורה, וואָס שטעלט צופרידן דעם פאַרלאַנג וואָס איז וויכטיקער, געווינט אין ווערט לגבי אַנדערע סחורה. און ווען אַ סך מענשן באַטראכטן אַ געוויסן פאַרלאַנג פאַר וויכטיקער ווי אַנדערע פאַרלאַנגען, שטייגט דער ווערט פון יענער סחורה וואָס דערפילט דעם דאָזיקן פאַרלאַנג.

נאָכפראַגע און אָנבאָט איז ביי דער אַלגעמיינער פּאָליטישער עקאָנאָמיע דער כשוף־שליסל, וואָס עפנט אויף די טירן צו אַלע סודות און רעטענישן פון עקאָנאָמישע דערשיינונגען. די שכירות פון אַרבעטער, צום ביישפּיל, ווערן באשטימט דורך נאָכפראַגע און אָנבאָט — ווען עס זיינען פאַראַן מער אַרבעטער ווי עס פאָדערט זיך אין אַ געוויסער אינדוסטריע, פאַלן שכירות; בעת ווען עס זיינען דאָ ווייניקער אַרבעטער ווי די אינדוסטריע דאַרף, הויבן זיך שכירות. דער אַלגעמיינער דורכשניט פון שכירות, ווידער,

ווערט אויך אָנגעהאַלטן דורך נאָכפראַגע און אָנבאָט: ווען עס איז דאָ אַ דחק אין אַרבעטער אין אַ געוויסער אינ־דוסטריע און שכירות זיינען דאָרט פאַרהעלטניסמעסיק הע־כער, ווערן אַרבעטער פון אַנדערע אינדוסטריען צוגעצויגן אַהין, און אַזוי גלייכן זיך שכירות אויס און דער שכירות־דורכשניט ווערט אָנגעהאַלטן. די פּראָפיט־ראַטע פון קאַ־פּיטאַל דערגרייכט אויך אַ געוויסן דורכשניט דורך נאָכ־פראַגע און אָנבאָט: ווען דער פּראָפיט אין אַ געוויסער אינדוסטריע איז העכער פון דורכשניט, ציט עס צו קאַפּיטאַל פון אַנדערע געביטן, ביז ער ווערט גאָר גיך ארונטער־געדריקט צום דורכשניט־פּראָפיט. בקיצור, אַלץ קען דער־קלערט ווערן דורך נאָכפראַגע און אָנבאָט.

עס זיינען אָבער פאַראַן אַ סך קשיות אויף אָט דער טעאָריע פון ווערט.

נאָכפראַגע און אָנבאָט באַלאַנסירן זיך גאַנץ שנעל, יעדנפאַלס אין נאָרמאַלע צייטן. ווען די נאָכפראַגע אויף אַ געוויסער סחורה איז אַ גרויסע און איר פּרייז איז הויך, יאָגט דער אָנבאָט גאַנץ גיך אָן די נאָכפראַגע. פונ־דעסטוועגן זעען מיר, אַז געוויסע סחורות קאָסטן טייערער ווי אַנדערע, הגם דער פאַרלאַנג פאַר זיי איז אומגעפער דער זעלבער. מענשן ווילן אַ סך זאַכן, ווי זשע קומט עס וואָס איינע קאָסטן מער און אַנדערע ווייניקער? פאַר וואָס קאָסט, צום ביישפּיל, אַן אויטאָמאָביל פיל טייערער פון אַ ראַדיאָ בעת דער פאַרלאַנג אויף ראַדיאָס איז גרעסער

ווי דער פאַרלאַנג אויף אויטאָמאָבילן? וויבאַלד די נאָכ־פראַגע אויף ראַדיאָס איז גרעסער ווי די נאָכפראַגע אויף אויטאָמאָבילן, האָבן דאָך גאָר ראַדיאָס געדאַרפט קאָסטן טייערער! און פאַר וואָס פאַבריצירט בכלל אַ פאַבריקאַנט 3־דאָלאַרדיקע שיך, — באַנוצנדיק קאָוטסקי'ס ביישפּיל, — בעת ער קען דאָך פאַבריצירן 6־דאָלאַרדיקע? איז דען 6 דאָלאַר ניט מער ווי 3? און פאַר וואָס ווערט אַ סחורה ביליקער אַזוי שנעל ווי מ'הויבט איר אָן פּראָדוצירן מיט אַ מאַשין אַנשטאָט מיטן האַנט? און פאַר וואָס ווערט זי נאָך ביליקער ווען זי ווערט פּראָדוצירט דורך נאָך אַ שנעלערער מאַשין? און פאַר וואָס ווערט זי ביליקער ווען די פּראָדוקטיוויטעט פון דער אַרבעט ווערט גרעסער?

די וואָס דערקלערן אַלץ דורך נאָכפראַגע און אָנבאָט זאָגן, אַז דורך דער דערפינדונג פון בעסערע מאַשינען און אַרבעטס־פּראָצעסן ווערט דער אָנבאָט גרעסער ווי די נאָכפראַגע, און דערפאַר ווערן סחורות ביליקער. אָבער פאַרבעסערטע מאַשינען און אַרבעטס־פּראָצעסן זיינען דאָך בשום אופן ניט באַגרעניצט אויף איינער אָדער עטלאַכע אינדוסטריען, נאָר איז אַן אַלגעמיינע דערשיינונג פון קאַ־פּיטאַליסטישער פּראָדוקציע, פונדעסטוועגן זעען מיר פאָרט אַז איינע סחורות קאָסטן מער און אַנדערע ווינ־יקער. פאַר וואָס? ניט אַנדערש, דאָ מוז ליגן עפּעס אַ פונדאַמענטאַ־לערע סיבה איידער נאָכפראַגע און אָנבאָט!

איז געקומען קאַרל מאַרקס און האָט פאַרענטפערט

אַט די אַלע פראַגן. ער האָט אַנטדעקט, אַז דער ווערט פון אַ סחורה שטייט אין אַ דירעקטער פאַרקערטער פראָפאָרציע צו דער פּראָדוקטיוויטעט פון אַרבעט. ווען עס דויערט אַ שטונדע צו מאַכן אַ געוויסע סחורה, קאָסט עס אַ געוויסן פּרייז, אָבער אַזוי שנעל ווי עס ווערט דערפונדן אַ מאַשין וואָס מאַכט מעגלאַך אַז דער אַרבעטער זאָל קענען מאַכן די זעלבע סחורה אין אַ האַלבער שטונדע, פאַלט איר פּרייז אויף אַ העלפט (ווען מ'לאָזט אויס פון באטראכט די קאָסטן פון דעם רויען מאַטעריאַל, פון די מאַשינען, פאַבריקן און איינריכטונגען). מאַרקס איז געקומען צום שלוס, אַז עס איז פאַראַן איין־איינציקער געמיינשאפטלאכער עלעמענט אין אַלע סחורות, וואָס באשטימט זייער ווערט, און דאָס איז — די מאָס אַרבעטס־קראַפט, וואָס עס דאַרף פאַרוועגדט ווערן אין זייער אויסאַרבעטונג.

דאָס פאַרענטפערט שוין די פראַגע פאַר וואָס אַ ראַדיאָ קאָסט ביליקער ווי אַן אויטאָמאָביל כאָטש די נאָכפראַגע אויף ראַדיאָס איז גרעסער ווי די נאָכפראַגע אויף אויטאָמאָבילס — פשוט ווייל עס פאָדערט זיך ווייניקער מענשלאכע אַרבעט צו מאַכן אַ ראַדיאָ. און דאָס פאַרענטפערט אויך די פראַגע פאַר וואָס דער שיך־פאַבריקאַנט מאַכט ניט זעקס־דאָלאַרדיקע שיך אַנשטאָט דריי־דאָלאַרדיקע — די זעקס־דאָלאַרדיקע שיך האָבן אין זיך מער מענשלאכע אַרבעט, סיי דירעקטע אַרבעט און סיי רויען מאַטעריאַל (וואָס איז דאָך אויך אַרבעט), און ווען ער לייזט פאַר שיך

זעקס דאָלאַר מיינט עס בשום אופן ניט אַז ער פאַרדינט אַן זיי מער ווי אַן צוויי פאַר דריי־דאָלאַרדיקע שיך.

דער מענשלאַכער פאַרלאַנג איז אומבאַגרעניצט. ניטאָ גאָר אַזאַ זאַך, וואָס זאָל זיך דעם מענשן ניט גלוסטן. באַגרעניצט איז בלויז די מעגלאַכקייט צופרידנצושטעלן אַלע פאַרלאַנגען און באַגערן זיינע — באַגרעניצט סיי דורך דער נאַטור און סיי דורך דער מענשלאַכער פעאיגקייט. אין דעם פראָצעס פון צופרידנשטעלן מענשלאַכע פאַרלאַנגען שפּילט, — לויט מאַרקס' אויסדרוק, — די נאַטור די ראָלע פון דער מוטער און די מענשלאַכע אַרבעטס־קראַפט פון דעם פאָטער. דאָרט וואו די מוטער־נאַטור גיט די מענשן אירע פראָדוקטן פריי, ווי לופט, וואַסער א. א. וו., איז ניט שייך צו ריידן וועגן דעם ווי וועגן אַן עקאָנאָמישער סחורה, אָבער דאָרט וואו דער פאָטער־אַרבעטס־קראַפט קאָאָפּערירט מיט דער מוטער־נאַטור צופרידנצושטעלן אַ מענשלאַכן פאַרלאַנג, האָבן מיר פאַר זיך אַן עקאָנאָמישן פראָדוקט. דער באַשטימענדער פאַקטאָר פון דעם ווערט פון אַ סחורה איז דעריבער די מאָס מענשלאַכע אַרבעט, וואָס פאָדערט זיך זי צו שאַפן.

אָט דעם געדאַנק, אַז ניט אויפן מאַרק ווערט באַשטימט דער ווערט פון אַ סחורה, נאָר אין דער פאַבריק, האָט מאַרקס פאָרמולירט אין זיין באַרימטער אַרבעטס־טעאָריע פון ווערט אַזוי:

„דער ווערט פון אַ סחורה ווערט באַשטימט דורך דער מאָס פון געזעלשאַפטלאַך־נויטוועדיקער אַרבעט אין איר".

*
**

די אַרבעטס־טעאָריע פון ווערט האָט אָבער ארויסגע־רופן אַ סך מער קשיות ווי זי האָט פאַרענטפערט.

קודם כל זיינען פאַראַן אַ סך קשיות וועגן דעם וואָס אַזוינס „אַרבעט" איז. ווי אַזוי קען אַרבעט זיין די מאָס פון אַ ווערט אין אַ סחורה, אַז אַרבעט גופא איז ניט קיין סטאַנדאַרדיזירטע זאַך? עס איז פאַראַן שנעלע און לאַנג־זאַמע אַרבעט, גוטע און שלעכטע אַרבעט, און אַ סך צווישן־שטופן. אַרבעט קען ניט געמאָסטן ווערן אַזוי ווי אַ רויער מאַטעריאַל וואָס ווערט פאַרברויכט אין אַ סחורה — לאָמיר זאָגן, ווי אַ געוויסע וואָג גאָלד וואָס ווערט פאַרברויכט אין דער אויסאַרבעטונג פון אַ געוויסער סחורה. ווי אַזוי זשע קען באַשטימט ווערן דער ווערט פון אַ זאַך דורך דער מאָס אַרבעט וואָס איז אין איר אריינגעלעגט געוואָרן, ווען אָט די אַרבעט קען ניט געמאָסטן אָדער געוואויגען ווערן?

כדי די אַרבעטס־טעאָריע פון ווערט זאָל קענען אָנ־געווענדט ווערן אויף עקאָנאָמישע דערשיינונגען, האָט איר מאַרקס געמוזט אונטערשפּאַרן מיט די פאָלגענדע קוואַליפי־קאַציעס:

ערשטנס — די אַרבעט רעכנט זיך נאָר אויף אַזויפיל, אויף וויפיל די צייט, וואָס ווערט פאַרווענדט צו פּראָדו־

צירן אַ געברויך־ווערט, איז געזעלשאפטלאך נויטווענדיק. צווייטנס — די אַרבעטס־קראַפט מוז פונקציאָנירן אונטער נאָרמאַלע באדינגונגען (באנוצנדיק געהעריקע מאַשינען און גוטן רויען מאַטעריאל). אַניט, וואָלט די אַרבעט געדויערט מער ווי די „געזעלשאפטלאך־נויטווענדיקע" אַרבעטס־צייט, און די איבעריקע צייט וואָלט שוין ניט געשאַפן קיין ווערט. דריטנס — די אַרבעטס־קראַפט מוז טראָגן אַ נאָרמאַלן כאַראַקטער (זי מוז באזיצן די הערשנדע מאָס פון פעאיג־קייט, פולקאָמענקייט און שנעלקייט אין דעם געגעבענעם פאַך). פערטנס — עס טאָר ניט פאָרקומען קיין צוועק־לאָזער פאַרברויך פון רוי־מאַטעריאל אָדער אַרבעטס־מיט־לען (וואָרים פארשווענדטער מאַטעריאל אָדער אַרבעטס־מיטלען שטעלן פאַר איבעריק־אויסגעגעבענע סומען פון פאַרקערפּערטער אַרבעט, ממילא רעכענען זיי זיך ניט און גייען ניט אריין אין דעם חשבון פון ווערט־שאַפונג אין דעם פּראָדוקט).

און אַחוץ אָט די אַלע קוואַליפיקאַציעס איז מאַרקס געצוואונגען אָנצונעמען, אַז אַרבעט קען יאָ רעדוצירט ווערן צו אַן איינהייט. מאַרקס נעמט אָן, אַז עס איז דאָ אַזאַ זאַך ווי „איינפאַכע אַרבעט", און אַלע אַנדערע גאַטונגען פון אַרבעט זיינען אַ פאַר׳כפל׳ונג פון „איינפאַכער אַרבעט"; אַז עס איז דאָ אַזאַ זאַך ווי אַ דורכשניטלאכע אַרבעטס־פעאיגקייט; אַז דער לוין פון אַרבעט ווערט דערצו באַ־שטימט דורך אַ געוויסן איינהייטלאכן פּרינציפּ, דורך דער

אויסקומעניש־מעגלאכקייט פון דעם אַרבעטער וואָס טוט „איינפאַכע אַרבעט״ אַלס באַזע, וואָס ווערט גע׳כפל׳ט אין אַ געוויסער פּראָפּאָרציע פאַר געלערנטערע אַרבעטער. מאַרקס זאָגט, אַז כאָטש דער פּראָצעס פון רעדוצירן אַלע מינים אַרבעט צו איינפאַכער אַרבעט איז אַן אומבאַוואוּסט־זיניקער, איז ער אָבער אַ סאָציאַלער פּראָצעס וואָס גייט אָן כסדר. לויט אָט דעם בליק קומט אויס, אַז דער גראַד פון ווערט אָדער לוין פון אַרבעט ווערט אויך באַשטימט פון דער מאָס אַרבעט וואָס איז פאַרווענדט געוואָרן כדי צו דערגרייכן אַ געוויסע שטופּע פון געלערנטקייט (ווייל די צייט וואָס עס דויערט זיך אויסצולערנען אַ געוויסן פאַך, די ביכער, די לערער, די מכשירים, די שולן א. א. וו. פאַרקערפּערן דאָך אויך אין זיך מענשלאַכע אַרבעט).

פון דערפאַרונג ווייסן מיר, אַז דאָס אַלץ איז ניט אַלעמאָל אַזוי. ניט אַלעמאָל פאַרדינען אַרבעטער (אין פאַרגלייך מיט איינפאַכע אַרבעטער) אין פּראָפּאָרציע צו דער אַרבעט וואָס זיי האָבן פאַרווענדט ביים דערלערנען זיך דעם פאַך, און ניט אין אַלע אינדוסטריען איז די דאָזיקע פּראָפּאָרציע די זעלביקע. ניט אין אַלע אינדוס־טריען פאַרדינען איינפאַכע אַרבעטער די זעלביקע שכירות. „אויסקומעניש־מעגלאכקייט״ איז זייער ניט קיין באַשטימטע זאַך און הענגט אַליין אָפּ פון געוואוינהייט, פירונג א. א. וו., אָבער הויפּטזעכלאַך פון דער רייכקייט אָדער אָרימקייט פון דער באַטרעפנדער אינדוסטריע — און דאָס, ווידער, ווערט

שוין גאָר אַ סך באַווירקט דורך דעם גראַד פון פאַרלאַנג וואָס מענשן האָבן פאַר די סחורות פון דער אינדוסטריע.

אָבער אַפילו ווען מ׳זאָל אָננעמען, אַז „אַרבעט" קען יאָ געוואויגן און געמאָסטן ווערן, אָט אַזוי ווי אַ רויער מאַטעריאַל, און אַז דער רעלאַטיווער ווערט פון פאַרשיי־דענע מינים אַרבעט קען יאָ באַשטימט ווערן, — בלייבט נאָך אַלץ אַ גרויסער ספק צי אַרבעט אַליין קען דינען אַלס באַשטימענדער פאַקטאָר פון ווערט. מיר האָבן פאַר זיך צופיל ביישפּילן פון אונטערנעמונגען און סחורות, אין וועלכע אַבסאָלוט די זעלבע מאָס אַרבעט איז אריינגעלעגט געוואָרן און דאָך איז איינע אַ דערפאָלג און די אַנדערע אַ דורכפאַל. איינע ברענגט אַ גוטן פּרייז און די אַנדערע ברענגט אַזאַ פּרייז אַז מ׳מוז דערצו דערלעגן. מיר זעען, אַז ווערט עקזיסטירט קיינמאָל ניט אָן נוצלאכקייט (פאַר־לאַנג), און נוצלאכקייט עקזיסטירט קיינמאָל ניט אָן ווערט. פאַרקערט, אָבער, קען עקזיסטירן ווערט אָן אַרבעט, בעת עס קען פאַרוועגדט ווערן אַרבעט ניט פאַראורזאַכנדיק קיין ווערט. דערפון מוזן מיר דרינגען, אַז נוצלאכקייט האָט אַ סך אָן ענגערע שייכות צו ווערט ווי אַרבעט.

אַ גוטער ביישפּיל פון אַ סחורה וואָס געווינט אין ווערט איינגאַנצן אָן מענשלאכער אַרבעט איז וויין. נאָכדעם ווי ווייִן ווערט פאַבריצירט האָט עס אַ געוויסן ווערט, אָבער ווען מ׳שטעלט דעם ווייִן אַוועק אויף אַ געוויסער צאָל יאָרן איז ער נאָכדעם ווערט אַ סך מער. פאַר וואָס?

ווי קומט עס וואָס דאָס אָוועקגעשטעלטע ווייַן געווינט אין ווערט אַ סך מער ווי די פּראָצענט אויף דעם אַריינגעלעגטן קאַפּיטאַל באַטרעפט? וועלכע „אַרבעט" ווערט צוגעלעגט צו דעם שטייענדיקן ווייַן? דער העכערער ווערט פון אַלטן ווייַן לגבי פרישן ווייַן נעמט זיך שוין לכל הדעות ניט פון אַרבעט, נאָר דערפון וואָס מענשן האָבן אַ גרעסערן פאַרלאַנג פאַר אַלטן ווייַן.

אָדער נעמט דעם פּראָדוקט פון אַ שרייבער אָדער קינסטלער. נאָכדעם ווי ער ברענגט זיין שאַפונג צו אַ רעדאַקטאָר אָדער צו אַ קונסט-הענדלער, ווערט זי אָפט פאַרבראַקירט. פאַר וואָס? זיכער ניט דערפאַר, ווייל עס איז ניטאָ אין דעם גענוג אַרבעט, נאָר ווייל דער רעדאַקטאָר אָדער דער קונסט-הענדלער — וועלכע זיינען די פאַרמיטלער צווישן דעם שאַפער און דעם לעזער און קויפער — שאַצן אָפּ אַז זייער לעזער-קרייז אָדער קליענטעל האָט ניט קיין פאַרלאַנג פאַר אַזעלכע שאַפונגען. און ווי אַזוי באַשטימט אַ רעדאַקטאָר, צום ביישפּיל, דעם רעלאַטיוון ווערט פון צוויי ליטעראַרישע שאַפונגען? אויך ניט דורך דער צייט וואָס עס האָט געדויערט ביי די שרייבער זייערע זאַכן צו שאַפן, נאָר לויט דער קוואַליטעט פון די זאַכן. ווי האָט אַמאָל געזאָגט מענדעלי מוכר ספרים: איין שרייבער שאַפט אַ זאַך גרינג, אָט ווי אַ הון לעגט אַן איי, בעת אַן אַנדערן קומט עס אָן זייער שווער, ווי אַ פרוי ווען זי דאַרף ברענגען אַ קינד אויף דער וועלט. עס איז אָבער

בשום אופן ניט געדרונגען דערפון, אַז דער פּראָדוקט פון דעם וואָס אַרבעט שווער אויף אַ זאַך (אין וועלכן עס איז אריינגעלעגט געוואָרן מער אַרבעט) איז בעסער פון פּראָדוקט פון יענעם וואָס שאַפט אַזוי גרינג ווי אַ הון לעגט אַן איי.

און ווי קען דערקלערט ווערן דער ווערט פון פאַר־שיידענע קאָלעקציעס — פון אַלטע מאַנוסקריפּטן, מאַרקעס א. א. וו., וואָס איז אַ גאַנץ באדייטנדע „אינדוסטריע"? זייער ווערט איז דאָך זיכער אויסער יעדער פּראָפּאָרציע צו דער מאָס אַרבעט וואָס ווערט פאַרווענדט אין זייער זאַמלונג, סאָרטירונג און צוזאַמענשטעלונג, נאָר הענגט אָפּ פון דער צאָל „משוגעים", וואָס זיינען גרייט צו באַצאָלן אַ הויכן מקח פאַר אַזעלכע זאַכן.

ווען קעניג ליר שרייט אויס פאַרצווייפלט: „אַ פערד! אַ פערד! אַ קעניגרייך פאַר אַ פערד!" איז דאָס ניט בלויז אַ מעלאָדראַמאַטישער אויסגעשריי, נאָר אין דעם מאָמענט איז אַ פערד פאַר אים טאַקע ווערט מער ווי אַ קעניגרייך. עס איז אָבער לעכערלאַך צו פאַרגלייך די הוצאה פון אויפהאָדעווען אַ פערד (די אַרבעט וואָס פאַדערט זיך דערצו) מיט אַ גאַנצן קעניגרייך.

אין דעם פאַל מיט קעניג ליר קען מען זאָגן, אַז דאָס פערד האָט דעם ווערט פון אַ קעניגרייך בלויז פאַר אים, אָבער קיין אַנדער בר־דעת וועט פאַר אַ פערד ניט אַוועק־געבן קיין קעניגרייך. דער געברויך־ווערט פון אַ פערד מעג זיך זיין אין אַ געוויסן מאָמענט פאַר אַ געוויסער

פערזאָן גלייך צו אַ קעניגרייך, אָבער דער אויסטויש־ווערט פון אַ פערד ווערט באשטימט גאַנץ אַנדערש. דאָס איז געוויס אמת. עס זיינען אָבער דאָ אָן אַ שיער אַנדערע ביישפּילן, וואו סחורות ווערן פאַרקויפט סיי העכער און סיי נידעריקער פון די „פּראָדוקציע הוצאות".

צוויי פאַבריקאַנט מאַכן פרויען־מאַנטלען. איינער האָט צוגעטראָפן די מאָדע און פאַרקויפט מיט אַ גרויסן ריוח אַלץ וואָס ער קען נאָר פּראָדוצירן. אַ צווייטער, ווידער, האָט געמאַכט מאַנטלען וואָס קיינער וויל אין האַנט ניט נעמען, דערפאר ווייל זיי זיינען ניט דאָס „וואָס מ'טראָגט", און ער „ברעכט דעם קאָפּ" ביי אָט דער אונטערנעמונג; ניט נאָר מאַכט ער ניט קיין פּראָפיט נאָר ער דערלעגט גאַנץ אָדער טיילווייז דעם קאַפּיטאַל וואָס ער האָט ארייג־געלעגט אין רויע מאַטעריאַלן און אין דער אויסאַרבעטונג. די זעלבע אַרבעט איז דאָך אריינגעלעגט געוואָרן אין די ניט־צוגעטראָפענע ווי אין די צוגעטראָפענע מאַנטלען, — פאַר וואָס־זשע ברענגען זיי ניט דעם זעלבן פּרייז אויפן מאַרק?

אָדער נעמט דעם ביישפּיל פון צוויי אונטערנעמער, וואָס האָבן אויסגעבויט צוויי הייזער. איינער האָט געצאָלט יוניאָן־שכירות די אַרבעטער וואָס האָבן געמאַכט דאָס הויז, און נאָכדעם ווי דאָס הויז איז פאַרטיק געוואָרן האָט ער עס פאַרקויפט מיט אַ גרויסן פּראָפיט. דער אַנדערער האָט געצאָלט נידעריקע שכירות צו זיינע אַרבעטער, און האָט

נאָכדעם געמוזט פאַרקויפן דאָס הויז מיט אַ גרויסן פאַר־לוסט. פאַר וואָס? זיכער ניט צוליב דעם אונטערשייד צווישן דער אַרבעט אין דיביידע הייזער, נאָר גאָר צוליב דעם ווייל דער ערשטער אונטערנעמער האָט אויפגעשטעלט דאָס הויז אין אַזאַ אָרט וואו עס עקזיסטירט אַ פאַרלאַנג פאַר אַזאַ הויז, בעת דער אַנדערער האָט אויפגעשטעלט זיין הויז אין אַ געגנט וואו די פאָדערונג פאַר אַזאַ הויז איז ניט גרויס גענוג. סיי דער פּראָפיט אין ערשטן פאַל און סיי דער פאַרלוסט אין צווייטן פאַל הענגט אָפּ ניט פון דער אריינגעלעגטער אַרבעט, נאָר פון דעם גראַד פאַר־לאַנג וואָס עס עקזיסטירט פאַר די הייזער.

דער מאַרקסיסטישער ענטפער אויף דעם איז די קוואַ־ליפיקאַציע, אַז אַרבעט מוז זיין „געזעלשאַפטלאך נויט־ווענדיק". אויב איינער דערלעגט געלט צו אַן אונטער־נעמונג, איז עס דערפאַר ווייל ער האָט פאַרווענדט אַרבעט אויף געזעלשאפטלאך־אומנויטיקע זאַכן. עס פרעגט זיך אָבער: מיט וואָס אונטערשיידט זיך דער טערמין „גע־זעלשאַפטלאך נויטווענדיק" פון דעם טערמין „מענשלאכער פאַרלאַנג"?

מאַרקס אַליין האָט איינגעזען, אַז די פרייזן פון סחורות זיינען זעלטן גלייך צו דער מאָס אַרבעט וואָס איז אין זיי אריינגעלעגט געוואָרן, אַז זיי זיינען אָדער העכער אָדער נידעריקער. ער איז אָבער פונדעסטוועגן ניט ווייניקער איבערצייגט, אַז אַרבעט איז די איינציקע מאָס מיט וועל־

כער מען קען מעסטן צי אַ געוויסע סחורה פאַרקויפט זיך אונטער אָדער איבער דעם ווערט; אַז כאָטש פרייז איז ניט דאָס זעלבע וואָס ווערט, וואַקלט זיך פרייז ארום דעם אַרבעטס־ווערט ווי ארום אַן אַקס. מאַרקס זאָגט, אַז דער אונטערשייד אין פרייז קען דערקלערט ווערן אָדער דורך דעם אונטערשייד אין דער מאָס אַרבעט אָדער דורך מאָנאָ־פאָליסטישע באַדינגונגען. דער געזעץ פון ווערט, הייסט עס, נעמט אַן אַלס באַדינג די פרייע קאָנקורענץ; ער פאַר־לירט אָבער זיין ווירקונג דאָרט וואו עס הערשט מאָנאָפאָליע.

אָבער מיט אַזאַ באַדינג קען מען דערפאָלגרייך אָנ־ווענדן יעדע טעאָריע, וואָס איינעם פאַלט נאָר איין; דאָרט וואו די פאַקטן שטימען ניט מיט דער טעאָריע, קען מען ארויפוואַרפן די שולד אויף מאָנאָפּאָליסטישע באַדינגונגען. קיין פולשטענדיק פרייע קאָנקורענץ־באַדינגונגען זיינען אין ערגעץ פאַקטיש ניט בנמצא — וואָרים חוץ אָפענער מאָנאָ־פאָליע זיינען פאַראַן פאַרשיידענע אומזיכטבאַרע מאָנאָפּאָ־ליסטישע איינפלוסן, ווי געהיימע אויסגעבעסערטע פּראָ־צעסן, וואָס זיינען ניט באַקאַנט דעם קאָנקורענט; פאַמי־ליען־פאַרבינדונגען, פריינטשאַפט אָדער אונטערקויפעריי, וואו איינער קריגט פאָרצוג קעגנאיבער אַן אַנדערן הגם ער רעכנט טייערער פאַר זיין פּראָדוקט ווי דער אַנדערער א. א. וו. עס פרעגט זיך: פאַר וואָס זאָל בעסער ניט אַנערקענט ווערן די טעאָריע פון נוצלאַכקייט, וועלכע דער־

קלערט אַ סך מער עקאָנאָמישע דערשיינונגען ווי די טעאָריע פון אַרבעט?

די קעגנער פון דער אַרבעטס־טעאָריע פון ווערט ווייזן אָן, אַז עס הערשט אַ געוויסער דורכשניט פון פּראָפיט אין אַלע אונטערנעמונגען, אין דער צייט ווען אין מאַנכע אינדוסטריען איז די פּראָפּאָרציע פון אריינגעלעגטער אַר־בעט גרעסער ווי אין אַנדערע אינדוסטריען. זיי דרינגען דערפון, אַז דעריבער קען מען ניט זאָגן אַז פּראָפיט איז דאָסזעלבע וואָס מערווערט. דערויף האָט מאַרקס געענט־פערט, אַז אין די באַזונדערע דערשיינונגען איז דאָס אפשר שווער צו זען, אָבער דער סך־הכל אַקטועלע ווערטן פון אַלע סחורות זיינען גלייך צו זייער אַרבעטס־ווערט, און דאָס איבעריקע איז מערווערט. באַוויזן ווערן קען דאָס אָבער ניט — ניט עקספּערימענטאַל און ניט סטאַטיסטיש. אפשר קען מען וועגן דעם אויך זאָגן דאָס, וואָס איינשטיין זאָגט וועגן דעטערמיניזם — אַז דאָס איז אַ געשמאַק־זאַך?

די פראַגע, וואָס ווערט איז אַזוינס און פון וואָס ער ווערט באַשטימט, איז זייער אַן אַבסטראַקטע, כמעט אַ מיסטישע, און די גרעסטע דענקער האָבן זיך געבראָכן דעם קאָפּ איבער איר. אַזאַ געניאַלער דענקער ווי ריקאַרדאָ האָט עפנטלאַך צוגעגעבן, אַז ער האָט ניט געקענט דער־גרונטעווען טיף גענוג דעם אמת'ן כאַראַקטער פון ווערט. וואָס זאָל שוין זאָגן וועגן דעם אַן איינפאַכער בשר ודם?! איך האָב מורא צו זאָגן, אַז די צאָל מענשן וואָס פאַרשטייען

דעם פיינעם אונטערשייד צווישן „געזעלשאַפטלאך נויט־וועגדיק" און „פאַרלאַנג", אָדער צווישן „פּראָפיט" און „מערוועדט" איז נאָך קלענער ווי די צאָל וואָס פאַרשטייען איינשטיינס רעלאַטיוויטעט־טעאָריע.

אָבער איין זאַך איז זיכער, — אַז די אַלגעמיינע פּאָלי־טישע עקאָנאָמיע אָנערקענט ניט די אַרבעטס־ווערט טעאָריע פאַר ריכטיק. זי האַלט, אַז אפשר דאַרף אַרבעט זיין דער באַשטימענדער פאַקטאָר פון ווערט, אָבער עס איז פאַלש צו זאָגן, אַז דאָס איז טאַקע אַזוי אין אונזער הייַנטיקער ווירקלאכקייט.

⁂

עס איז ניט איבעריקס שווער צו פאַרשטיין יענע סאָציאַליסטן, וואָס האַלטן זיך שטאָל און אייזן פאַר דעם מאַרקסיזם און לאָזן אויף אים קיין שפּרינקעלע ניט פאַלן, הגם זיי פאַרשטייען אים זייער אויבערפלעכלאך. דער געפיל פון לאָיאַליטעט צום רבין, צום פאַרהערלאכטן העלד איז ניט באַגרעניצט אויף קינדער אַליין, נאָר באַהערשט אין פאַרשיידענע גראַדן די נשמות פון אַ סך דערוואַקסענע מענשן, און גראַד די בעסערע מענשן.

עס ליגט מיר נאָך איצט דער טעם פון דער אומ־באַשרייבלאכער פרייד, וואָס איך האָב דורכגעלעבט, בעת איך האָב מיט יאָרן צוריק געלייענט פרידריך ענגעלס פאָררעדע צום צווייטן באַנד „קאַפּיטאַל", וואו ער שטרייט אַזוי גלענצענד אָפּ די באַשולדיקונג, אַז מאַרקס איז גאָר־

ניט דער שאַפער פון דער אַרבעטס-ווערט טעאָריע און אַז ער האָט איר „גענאַשט" פון ראָדבערטוסן. ווי אַ קינד האָב איך זיך געפרייט מיט ענגעלס' אויספירונגען, אַז דער כבוד פאַר שאַפן אָט־די טעאָריע געהערט ניט קיין אַנדערן ווי מאַרקסן אַליין. אונזער מאַרקס, מיין מאַרקס איז עס יענער געניאַלער דענקער, וואָס האָט דעם קעגנ־שטאַנד גרינטלאַך אויסגעפאָרשט און געמאַכט אַ גאַנצע סיסטעם דערפון! — האָב איך זיך געפרייט, — הגם שפּעטער בין איך געוואָרן אינדיפערענט צו דער פראַגע ווער עס איז געווען דער אָריגינאַטאָר פון דער טעאָריע, ראָדבערטוס אָדער מאַרקס, און עס אינטערעסירט מיר מער צי די טעאָריע איז ריכטיק אָדער ניט, און אויף ווי ווייט זי איז ריכטיק.

אָבער אָט די קינדעשע, ראָמאַנטישע לאָיאַליטעט צום גרויסן לערער מאַרקס איז ניט אַזוי שעדלאַך פאַר דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, ווי די איינרעדעניש פון אַ סך סאָציאַליסטן, אַז אָן דער אַרבעטס-ווערט-טעאָריע האָט דער סאָציאַליזם ניט קיין פונדאַמענט אויף וועלכן צו שטיין און מוז צוזאַמענפאַלן. אויב אַרבעט איז דער איינציקער קוואַל פון ווערט, — טראַכטן זיי זיך, — איז דער אַרבעטער גערעכט ווען ער פאָדערט דעם גאַנצן פּראָדוקט פאַר זיך; אויב אָבער ניט, קען דאָך מיט אַ געוויסן שיין פון רעכט פאָדערן אַ טייל פון פּראָדוקט אויך יענער, וואָס שאַצט אָפּ

ווי געהעריק מענשלאכע פאַרלאַנגען און זייער רעלאַטיווע וויכטיגקייט!

אָבער אַז מען טראַכט זיך גוט אריין אין דער פראַגע, מוז מען קומען צום שלוס, אַז פאַר דעם סאָציאַליזם איז אַלץ איינס צי די אַרבעטס־ווערט־טעאָריע איז ריכטיק אָדער ניט. אויב אַפילו ווערט נעמט זיך פון מענשלאכע פאַר־לאַנגען, איז נאָך אַלץ ניטאָ קיין שום אורזאַך פאַר וואָס די קאָנסומענטן און פראָדוצענטן — וועלכע זיינען דאָך איינע און דיזעלבע מענשן — זאָלן זיך ניט קענען צוזאַמענ־ריידן און צופרידנשטעלן אַלע זייערע פאַרלאַנגען אָן דער פאַרמיטלונג פון אונטערנעמער, וועלכע ניט נאָר נעמען ארונטער דעם שמאַנט פון דער פראָדוקציע נאָר ווערן נאָך דערצו די באהערשער פון דעם שיקזאַל פון גאַנצן פאָלק?

אויב ווערט נעמט זיך פון מענשלאכן פאַרלאַנג, איז נאָך אַלץ ניט קיין יושר אַז אַ פאַרהעלטניסמעסיק קליין הייפל מענשן זאָלן אויסנוצן דעם דאָזיקן פאַרלאַנג פאַר זייער אייגענער טובה וועגן.

לאָמיר נעמען פאר אַ ביישפיל דעם פאַל מיט די צוויי אונטערנעמער פון די צוויי הייזער, וואָס איינס איז געווען אַ דערפאָלג און דאָס צווייטע אַ דורכפאַל, וועלכער איז אויבן באנוצט געוואָרן. פאַר וואָס אייגנטלאך איז איין הויז געווען אַ דערפאָלגרייכע אונטערנעמונג? — דערפאַר ווייל אין יענער געגנט געפינען זיך אַ סך מענשן, מער ווי אין אַנדערע געגנטן. נו, איז עס אַ יושר, אַז אימיצער

זאָל מאַכן פּראָפיט דערפון, וואָס די באַפעלקערונג פאַר־מערט זיך? דוכט זיך, עס איז אַ גרעסערער יושר, אַז דערפון זאָלן געניסן די וואָס קינדלען און ניט עפּעס אַן אונטערנעמער.

זיינען דען מענשן אַזעלכע טויגעניכטסן, אַז זיי קענען ניט צופרידנשטעלן זייערע אייגענע פאַרלאַנגען אַן פאַר־מיטלער? און טאָמער זיינען אַנדערע פעאיקער אַלס אָרגאַ־ניזאַטאָרן און אָנפירער אין דער פּראָדוקציע, איז דען דערפון געדרונגען אַז מ'מוז זיי דערפאַר אַוועקגעבן דאָס וואוילזיין און די פרייהייט פון פאָלק? האָט דאָך אַפילו דער גרעסטער מיליטערישער זשעני ניט די חוצפה נאָך אַ דערפאָלגרייכער מלחמה צו פאָדערן פאַר זיך פערזענלאך דעם „מלחמה־רויב". דעם גענעראַלס לוין איז העכער ווי דער לוין פון דעם פּראָסטן סאָלדאַט, ער קריגט אויך אַנערקענונג און כבוד, אָבער דער „פּראָפיט" פון דער מלחמה געהערט אַפילו ניט דער אַרמיי נאָר דעם גאַנצן לאַנד. פאַר וואָס־זשע זאָל עס זיין אַנדערש ביי דער צו־פרידנשטעלונג פון מענשלאַכע פאַרלאַנגען?

דער תירוץ איז, אַז עס איז טאַקע ניטאָ קיין אורזאַך דערפאַר, און עס איז דעריבער ניטאָ וואָס מורא צו האָבן אַז דער סאָציאַליזם קען זיין שטעטל ניט באשטיין אָן דער אַרבעטס־טעאָריע פון ווערט אַלס פונדאַמענט. מיר דוכט זיך, אַז אַפילו מאַרקס אַליין האָט געקענט אונטערנעמען זיין אַנאַליז פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע און

צירקולאַציע אָן זיין ווערט־טעאָריע; ער האָט פּונקט אַזוי גוט געקענט ווייזן וואָס עס ווערט פון דעם ריח פון דער פּראָדוקציע, וואָס פאַר אַ שטופּעס ער גייט דורך, און ווי אַזוי ער ווערט סוף כל סוף אַ שטריק אויפן האַלז פון פאָלק וואָס ווערגט אים, ווען ער באַטראַכט אים אַלס „פּראָפיט" אַנשטאָט „מערווערט", אַלס עקספּלואַטאַציע פון מענשלאַכע פאַרלאַנגען אַנשטאָט עקספּלואַטאַציע פון מענשלאַכער אַר־בעט. אויף אַזאַ אופן פאַרלירט טאַקע מאַרקס' אַרבעט זייער ווייניק פון איר באַדייטונג אַפילו ווען זיין ווערט־טעאָריע ווערט צוריקגעוויזן.

סאָציאַליסטן זיינען ניט מחויב צו פאַרשרייען יעדן פּאָליטישן עקאָנאָם פאַר אַ „בורזשואַזן", בלויז דערפאַר ווייל ער גלויבט ניט אין דער אַרבעטס־טעאָריע פון ווערט. ווען אַזאַ עקאָנאָמיסט זאָגט, אַז אפשר דאַרף אַרבעט באַ־שטימען דעם ווערט פון אַ סחורה, אָבער דערווייל איז עס ניט אַזוי — דאַרף מען אים פרעגן, ווי אַזוי גלויבט ער דאַרף זיין? אויב ער גלויבט אַז עס דאַרף ווייטער זיין אַזוי ווי עס איז איצט, איז ער טאַקע באמת אַ בורזשואַזער עקאָנאָמיסט. אויב אָבער ער גלויבט, אַז כאָטש איצט איז אַנדערש, דאַרף אָבער אַזוי ניט זיין, איז ער שוין גאָרניט קיין בורזשואַזער עקאָנאָמיסט.

# דער מוסר־השכל פון סאָוועט־רוסלאַנד

די באַציאונג פון אַ סאָציאַליסט צו סאָוועט־רוסלאַנד קען פאַרגליכן ווערן מיט דער באַציאונג פון אַ פאָטער צו זיינס אַ קינד, וואָס איז געבוירן געוואָרן אַ קאַליקע. אַזאַ פאָטער קען ניט זיין גלייכגילטיק צום שיקזאַל פון זיין קינד, ווי אַ זייטיקער. פון איין זייט, ווערט זיין לעבן פאַר׳סמ׳ט פון אַ געוויסער שנאה צום קינד, אָבער פון דער אַנדערער זייט איז זיין האַרץ אָנגעפילט מיט ליבשאַפט און רחמנות צו אים, ווייל עס איז דאָך פאָרט זיין אייגן פליש און בלוט.

קריטיקירנדיק די אומגערעכטיגקייטן, די האַרצלאָזיגקייט, די ברוטאַליטעט פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, האָבן סאָציאַליסטן זיך אַלעמאָל פאָרגעשטעלט די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט אַלס די פאַרקערפּערונג פון אַלץ, וואָס איז שיין, דערהאָבן און נאָבל. זיי קענען דערייבער ניט בלייבן גלייכגילטיק, ווען זיי זעען וואָס פאַר אַ „קאַליקע" דאָס קינד פון זייערע טרוימען איז ארויסגעקומען אין רוסלאַנד. עס איז אומעגלאָך פאַר סאָציאַליסטן צו קוקן פון אַ פילאָזאָפישער אָדער היסטאָרישער פערספּעקטיווע, ווי עס ווערן אין רוסלאַנד פאַרשפּאָט און ציניש

אויסגעלאַכט אַלע באַגריפן פון מענשלאַכקייט; ווי דער איינצלנער מענש ווערט ברוטאַל צוטראָטן אונטער די פיס פון די הערשער, וועלכע לאַכן זיך אויס מיטן גרעסטן בטול פון זיין פערזענלאַכער און פון זיין מענשלאַכער חשיבות. ישעיה הנביא באַקלאָגט זיך אויף דעם שיינעם ווייַנגאָרטן, וואָס זיין פריינט (גאָט) האָט געפלאַנצט, האָפנדיק אַז עס וועלן דאָרטן וואַקסן ווייַנטרויבען און געוואַקסן זיינען דאָרטן גאָר ווילד־גראָזן. דאָס זעלבע פילט אַ סאָציאַליסט בנוגע רוסלאַנד, וואו עס וואַקסט די ווילדסטע קראָפּעווע אָנשטאָט די דערוואַרטעטע זאַפטיקע סאָציאַליסטישע ווייַנטרויבן; און עס איז נאַטירלאַך, דאָס ער זאָל זיך ניט קענען באַפרייען פון דעם געפיל פון פאַרדרוס און זאָגאַר שנאה צו די שענדער פון דעם ווייַנגאָרטן — אָט פונקט ווי ישעיה זאָגט וועגן גאָט.

פון דער אַנדערער זייט אָבער ווילן ניט סאָציאַליסטן, און קענען ניט וועלן, ווינשן אָדער זוכן די פאַרניכטונג פון סאָוועט־רוסלאַנד. כאָטש סאָוועט־רוסלאַנד איז אַ סאָציאַליסטישע „קאַליקע", איז זי אָבער פאָרט זייער אייגן פלייש און בלוט, איז זי אָבער פאָרט דאָס איינציקע לאַנד אין דער גאַנצער געשיכטע פון דער מענשהייט וואו עס ווערט געמאַכט אַ פאַרזוך איינצופירן אַ לעבן אָן באַלעבאַטים און אָן פּראָפיט אַלס באַוועגנדער מאָטיוו. ווי טיף מיר זאָלן ניט זיין איבערצייגט, אַז רוסלאַנד גייט אויף אַ פאַלשן וועג, אַז די דיקטאַטור טויט־אָפּ די איניציאַטיוו פון די

פאָלקס־מאַסן און איז אַליין די גרעסטע שטערונג אויפן וועג פון סאָציאַליסטישן אויפבוי, דערלאָזט אונז פונדעסט־וועגן ניט אונזער גלויבן אין סאָציאַליזם צו צווייפלען אין דעם ענדגילטיקן דערפאָלג פון סאָציאַליזם אין רוסלאַנד. עס פאַטויפּעט זיך פשוט ניט אין אַ סאָציאַליסטישן מוח די מעגלאכקייט, אַז אַ ווירטשאַפט אָן באַלעבאַטים און אָן פּראָפיט זאָל ניט קענען סוף כל סוף פונקציאָנירן ווי געהעריק — זאָל זיין אין 10 יאָר ארום, זאָל זיין אין 25 יאָר ארום, זאָל זיין אין 50 יאָר ארום.

און ניט צוליב רוסלאַנד אַליין ווילן סאָציאַליסטן, אַז דער קאָמוניסטישער עקספּערימענט זאָל זיין אַ דערפאָלג, נאָר אויך צוליב דער איבעריקער וועלט. וויפיל מיר זאָלן ניט טענה'ן, אַז מיר זיינען ניט פאַראַנטוואָרטלאך פאַר דעם וואָס עס ווערט געטאָן אין רוסלאַנד, אַז וואָס דאָרט ווערט איינגעפירט איז גאָרניט קיין סאָציאַליזם א. א. וו., וועט עס אונז אַ האָר אויך ניט העלפן — די וועלט וועט באטראכטן אַ דורכפאַל פון דעם רוסישן עקספּערימענט אַלס באַווייז, אַז סאָציאַליזם בכלל איז ניט פּראַקטיש און ניט דורכפירבאַר.

כאָטש דער סאָציאַליסט ווערט אויפגעטרייסלט ביז די סאַמע טיפענישן פון זיין נשמה קעגן דער גרויזאַמער דיק־טאַטור און דעם שוידערלאכן טעראָר, — פאַר וואָס די געשיכטע וועט אין אַ געוויסן זין אויך אים האַלטן פאַר־אַנטוואָרטלאך און קעגן וואָס ער מוז דעריבער פּראָטעס־

טירן העפטיקער פון אַנדערע, — קען ער אָבער ניט ווינשן די מפלה פון סאָוועט־רוסלאַנד. וואָרים גראָד ווי דער רוסישער ביישפּיל האָט אין דעם איצטיקן מאָמענט אָפּגע־שראָקן די גאַנצע וועלט און האָט געמאַכט אוממעגלאך אַ סאָציאַלע רעוואָלוציע אין וועלכן עס איז אַנדערן לאַנד, — אַזוי וואָלט דער דורכפאַל פון סאָציאַליזם דאָרט דיסקרע־דיטירט אויף דורות דעם סאָציאַליסטישן אידעאַל איבער דער גאַנצער וועלט.

אויב סאָציאַליסטן זאָגן דאָס ניט ארויס קלאָר מיט ווערטער, זיינען אָבער זייערע מעשים דער בעסטער באַווייז, אַז זיי פילן געגוי אַזוי וועגן רוסלאַנד. איז דאָך די סאָ־ציאַליסטישע באַוועגונג פון דער וועלט די גאַנצע צייט גע־שטאַנען אויף דער וואַך און אָפּגעהיט סאָוועט־רוס־לאַנד פון שטערונגען פון דרויסן, טראָץ די פּראָוואָקאַ־ציעס מצד די קאָמוניסטן; זיינען דאָך די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אומעטום ארויסגעטראָטן קעגן דער „סאַניטאַרער בלאָקאַדע" און קעגן אינטערווענציע; האָבן זיי דאָך אין אַלע לענדער געפאָדערט די אַנערקענונג פון דער סאָוועט־רעגירונג!

אַ קאָנטער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, די שטירצונג פון דער סאָוועט־רעגירונג וואָלט באמת געווען די גרעסטע קאַטאַסטראָפע, וואָס מ'קען זיך נאָר פאָרשטעלן. רוסלאַנד איז שוין גענוג אָפּגעגאַנגען מיט בלוט, אָבער דאָס איז גאָרניט אַנטקעגן דאָס בלוט וואָס דאָרט וואָלט פאַרגאָסן

געוואָרן ווען אַ קאָנטער־רעוואָלוציע זאָל זיין זיגרייך. סאָ־ציאַליסטן זיינען קעגן דעם קודם כל אויס רייך־הומאַני־טאַרע מאָטיוון, אָבער הויפטזעכלאך דערפאַר ווייל זיי פילן אַז מיט דער פאַרניכטונג פון דער סאָוועט־רעגירונג איידער זי האָט פאַרענדיקט די אַרבעט וואָס זי האָט אָנגעפאַנגען וואָלט דער סאָציאַליזם בכלל פאַרלוירן זיין וויכטיקסטע שלאַכט.

ווי מאָדנע און פּאַראַדאָקסאַל דאָס זאָל ניט קלינגען — די צוקונפט פון סאָציאַליזם אין דער איבעריקע וועלט הענגט אָפּ אָן דעם דערפאָלג פון דעם אַוואַנטוריסטישן עקספּערימענט אין רוסלאַנד. ס׳איז אויך אַ האָר ניט איבערטריבן צו זאָגן, אַז די איבעריקע וועלט קוקט מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם אויף דעם וואָס עס קומט פאָר אין רוסלאַנד, און זי וועט זיך ניט פאַרנעמען אויף דעם סאָציאַליסטישן וועג, — אפילו ניט דורך אַנדערע מעטאָדן און ציוויליזירטערע מיטלען, — פריער ווי דער רוסישער ביישפּיל וועט זיין אַ דערפאָלג.

טיף אין זיין נשמה גאָרט יעדער סאָציאַליסט נאָך גוטע בשורות פון רוסלאַנד. עס איז טאַקע אמת, אַז ווען עס קומען שלעכטע בשורות, לעבן סאָציאַליסטן דורך אַ געוויסע „זעלבסט־צופרידנהייט”, וואָס ס׳האָט זיך אויסגע־לאָזט ווי זיי האָבן פאָראויסגעזאָגט. עס איז אָבער פונדעסט־וועגן פאָרט אמת, אַז ווען עס קומען אָן גוטע בשורות פון דאָרט, טוט עס יעדן סאָציאַליסט הנאה, ווייל ער געפינט

אין דעם אַ געוויסע באשטעטיקונג פאַר זיין גאַנצער סאָ־ציאַליסטישער פאַרגאַנגענהייט. ווען דער פינף־יאָר פּלאַן אָדער די קאָלעקטיוויזאַציע פון דער אַגריקולטור, צום ביי־שפּיל, איז פּראָקלאַמירט געוואָרן, האָבן סאָציאַליסטן נביאות געזאָגט וויפיל קרבנות דאָס וועט מוזן אָפּקאָסטן, וויפיל הונגער דאָס וועט פאַראורזאַכן. ווען עס האָט זיך נאָכדעם ארויסגעשטעלט, אַז זיי האָבן די לאַגע ריכטיק אָפּגעשאַצט — ריכטיקער ווי די קאָמוניסטישע פירער — האָבן אייניקע נאַטירלאַך געהאַט דערפון אַ געוויסע זעלבסט־באפרידיקונג. אָבער נאָכדעם ווי דער שאָדן איז שוין אָפּגעטאָן געוואָרן, האָבן זיי אַ סך אַ גרעסערע הנאה געהאַט פון די גרוסן, וואָס זיינען שפּעטער אָנגעקומען, אַז רוס־לאַנד הויבט ביסלאכווייז אָן ארויסקריכן פון דעם שרעק־לאכן אָפּגרונט אין וועלכן די צו־שנעלע אינדוסטריאַליזאַציע און די ארויפגעצוואונגענע קאָלעקטיוויזאַציע האָבן איר אריינגעוואָרפן.

אָט דער מאָדנער „ויחד” אין האַרץ פון יעדן סאָציאַ־ליסט בנוגע סאָוועט־רוסלאַנד איז אַ פאַקט, וואָס קיינער קען ניט פאַרלייקענען. עס זיינען פאַראַן זייער ווייניק אַזעלכע סאָציאַליסטישע עקשנים, וואָס זיינען באמת גע־בליבן שונאים סאָוועט־רוסלאַנד. די פרייד איבער יעדן פאָרשריט וואָס רוסלאַנד מאַכט וועגט איבער יעדן אַנדערן געפיל אין די הערצער פון כמעט אַלע סאָציאַליסטן. מיטן גאַנצן האַרצן האָפן סאָציאַליסטן, אַז אין רוסלאַנד וועט

ענדלאך איינגעפירט ווערן אמת'ע אַרבעטער־דעמאָקראַטיע, אָבער ניט די דיקטאַטור און ניט דער טעראָר, וועלכער האָט איצט ווידער אויפגעהויבן זיין עקלהאַפטן קאָפּ, קענען פון סאָציאַליסטן מאַכן שונאים פון סאָוועט־רוסלאַנד.

⁂

וואָס איז שייך רוסלאַנד, זעען מיר איין, אַז דער וועג אויף צוריק איז פולשטענדיק אָפּגעשניטן, אַז אַלע בריקן פון הינטן זיינען פאַרניכטעט, און עס איז ניטאָ קיין אַנדער ברירה ווי וויטער בראָדיען ביזן האַלז אין בלאָטע אַזוי לאַנג ביז די זון פון סאָציאַליזם וועט ענדלאך אויסטריי־קענען די זומפּן און רוסלאַנד וועט זיך „אַוועקקאַטאַיען" אויף דעם סאָציאַליסטישן דרך־המלך. אונזער הייסער וואונש איז, אַז זאָל כאָטש די בלאָטע, אין וועלכער רוס־לאַנד בראָדיעט, ניט זיין געמישט מיט בלוט. אָבער ווען אימיצער שלאָגט אונז פאָר נאָכצוטאָן דאָ דעם רוסישן ביישפּיל, דעמאָלט מוזן מיר זיך שטעלן קעגן דעם מיט יעדן אונץ כח וואָס מיר באַזיצן.

פאַר סאָציאַליסטן איבער דער גאַנצער וועלט דינט רוסלאַנד ווי אַ ריזיקער „טשוטשעלאָ", ווי אַ וואָרנונג זיך ניט צו פאַרנעמען, חס וחלילה, אויף אָט אַזאַ וועג. אַנ־שטאָט אַ מוסטער, איז רוסלאַנד אַ וואָרנונג, וואָס ניט צו טאָן, אויף וועלכן וועג ניט צו גיין.

ווען מיר זעען, ווי 17 יאָר נאָך דער רעוואָלוציע, 11 יאָר נאָכדעם ווי דער באוואָפנטער בירגער־קריג איז פאַר־

ענדיקט געוואָרן, נאָכדעם ווי הונדערטער טויזנטער מענשן זיינען אויסגעשאָכטן געוואָרן, אַנדערע הונדערטער טויזנ־טער זיינען פאַרשיקט געוואָרן אויף אַ זיכערן טויט און אומצייליקע מיליאָנען זיינען אומגעקומען אינדירעקט, — ווען מיר זעען אַז נאָך דעם אַלעמען מוזן די רוסישע מאַסן לעבן אויף אַזאַ סטאַנדאַרד, וואָס עס איז פאַר אונז שווער זיך פאַרצושטעלן ווי אַזוי מענשן קענען דאָס אַריבער־טראָגן, און ווער ווייס ווי לאַנג עס וועט נאָך נעמען ביז זיי וועלן זיך דערשלאָגן צו אַביסעלע גליק, — ווען מיר זעען דאָס מוזן מיר „פאַרזאָגן אַ צענטן" נאָך אַמאָל ניט צו פּרובירן איינפירן סאָציאַליזם דורך געוואַלט, קעגן דעם ווילן פון פאָלק.

עס מוז אָבער געזאָגט ווערן, אַז לײדער ניט אַלע סאָציאַליסטן נעמען אַראָפּ דעם זעלבן מוסר־השכל פון דער רוסישער רעוואָלוציע. ניט אַלע סאָציאַליסטן באַגרייפן, אַז די כוואַליע פון רעאַקציע און פאַשיזם איבער דער וועלט איז אייגנטלאך אַ דירעקטער רעזולטאַט פון דער רוסישער רעוואָלוציע און פון די קאָמוניסטישע מעטאָדן דאָרטן. די בורזשואַזיע האָט דערזען פון דער ווייטן ווי מ'גייט אויף איר מיט מעסערס און העק און זי האָט באַ־שלאָסן זיך צו פעדערן און אָפּווערן זיך מיט די זעלבע מיטלען. זיי ווילן ניט איינזען, אַז דער ניוטאָנישער געזעץ פון אַקציע און רעאַקציע איז גילטיק אין מענשלאכע באַ־ציאונגען פונקט ווי אין פיזיקאַלישע; אַז דער גראַד פון

דער רעאַקציע הענגט אָפּ דירעקט פון דער פאָרם פון דער סאָציאַליסטישער אַקציע. זיי ווילן ניט ציען דעם לאָגישן שלוס, אַז כדי אָפּצושוואַכן די רעאַקציע, מוזן געביטן ווערן די פאָרמען פון דער אַקציע — פון ווילדע באַרבאַרישע פאָרמען אויף ציוויליזירטע. די מערסטע סאָציאַליסטן לערנען גאָר דעם פּשט פאַרקערט — אַז צוליב דער רעאַקציע און דעם פאַשיזם דאַרף דער סאָציאַליזם ווערן מער רעוואָלוציאָנער, מער אַגרעסיוו. הגם זיי ווילן זיך ניט לאָזן דיקטירן פון מאָסקווע, זיינען זיי אָבער פּאַקטיש געצוויגט אַראָפּצושלינגען סיי די קאָמוניסטישע טעאָריעס און סיי זייערע מעטאָדן.

פאַר מיר פּערזענלאך האָט די רוסישע רעוואָלוציע קלאָר געמאַכט, אַז אַ באַוואָפנטער אויפשטאַנד איז ניט דער וועג איינצופירן סאָציאַליזם; אַז די כחות פון ניט־קאָאָפּעראַציע און פון סאַבאָטאַזש, וואָס העלפן דורכפירן אַ רעוואָלוציע, זיינען אַנטי־סאָציאַל אין זייער מהות און מוזן נאָכדעם ווערן אַ שטערונג אין דער בויאונג פון אַ נייער אָרדנונג; אַז בכלל איז די איינפירונג פון סאָציאַליזם אַזאַ ריזיקע אויפגאַבע, דערהויפּט די אויסוואָרצלונג פון גע־וואוינהייטן פון טויזנטער יאָרן בנוגע באַזיץ פון אייגנטום, באַלוינונג א. א. וו., וועלכע זיינען שוין געוואָרן כמעט אינסטינקטן ביי דער גרעסטער צאָל מענטשן — אַז דאָס קען נאָר דורכגעפירט ווערן שטופנווייז, אָבער בשום אופן ניט מיט איין קלאַפּ, מיט אַמאָל.

פון די אַן אַ שיעור אַרטיקלען, וואָס ב. צ. גאָלדבערג שרייבט אין „טאָג" וועגן זיין רייזע איבער סאָוועט־רוס־לאַנד, האָט אויף מיר פּערזענלאך געמאַכט דעם שטאַרקסטן איינדרוק דער פאָלגענדער אויסצוג פון איינעם פון זיינע אַרטיקלען:

„און לאָמיר אייך זאָגן, אַז דוקא פון דאַנען, פון לאַנד פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, פאַר וועלכער איך האָב אַזוי פיל סימפּאַטיע און פון וועלכער איך גע‌פין אַזוי פיל גוטעס צו דערציילן — ערשט פון דאַנען ארויס, וואָלט זיך מיר זייער געוואָלט, אַז מיר, אין אַמעריקע, זאָלן זיך קאָנען באַגיין אָן אַ רעוואָלוציע, אַז מיר זאָלן דורכמאַכן דעם איבערגאַנג פון אַ חרוב'ן קאַפּיטאַליזם צו עפּעס אַזוינס וואָס איז סאָציאַליזם אָן ברודער־קאַמף, אָן בלוט און אָן צושטערונג.

„איר הערט ווי מענשן רעדן פון אַן אָפּעראַציע. דער און דער האָט דורכגעמאַכט אַן אָפּעראַציע. רעדט זיך עס זייער לייכט. גייט אָבער אריין אין שפּיטאָל, אין אָפּעריי־טינג־רום, ביי דער אָפּעראַציע, וועט איר דעמאָלט וויסן וואָס אַן אָפּעראַציע איז.

„איך וואָלט וועלן . . . פאַר אַמעריקע . . . אַן אָפּע־ראַציע אָן אַ מעסער, אָן בלוט און אָן ווייטיקן.

„אוטאָפּיע? אפשר איז עס גאָר קיין אוטאָפּיע ניט".

אָט האָט איר אייך דאָס עדות־זאָגן פון איינעם, וועל־כער האָט בלויז געכאַפּט אַ קליינעם קוק דורך אַ שפּאַ־

רונקעלע אין דעם אָפּעראַציע־צימער, וואָס רופט זיך סאָ־וועט־רוסלאַנד, און האָט דערשפּירט מיט וואָס אַזאַ „אָפּע־ראַציע" שמעקט!

מ'פלעגט אונז תמיד זאָגן, אַז די פראַנצויזישע רעוואָ־לוציע איז געווען אַזאַ בלוטיקע דערפאַר ווייל דאָרט האָבן געפעלט ציל־באַוואוסטע פּאָליטישע פּאַרטייען. אין רוס־לאַנד אָבער, וואו עס זיינען געווען סאָציאַליסטישע פּאַר־טייען מיט גוט־פאָרמולירטע פּראָגראַמען, קען אַזאַ זאַך ניט פאָרקומען. לסוף, ווען די רעוואָלוציע איז געקומען אין רוסלאַנד, איז די צאָל פון אירע קרבנות ניט קלענער, און אפשר נאָך גרעסער — וואָרים ווער קען זאָגן ווען זיי וועלן שוין אויפהערן *) — ווי אין פראַנקרייך. ווי קומט עס? זיינען אין דעם שולדיק בלויז די באָלשעוויקעס? און אויב יאָ, ווי זשע קומט עס וואָס די מאַכט איז אריינ־געפאַלן צו זיי אין די הענט אריין? באַווייזט עס דען ניט, אַז אין יעדער רעוואָלוציע מוזן די עקסטרעמיסטן באַקומען די אויבערהאַנט? און באַווייזט עס דען ניט, אַז מ'דאַרף זיך היטן פון רעוואָלוציע ווי ווייט נאָר מעגלאַך?!

פילע מיינען, אַז אין אַן אַנדער לאַנד מיט אַן אַנט־

*) די לעצטע גרוילטאַטן אין רוסלאַנד זיינען די בעסטע באַשטעטיקונג, אַז אָט די פראַגע (וואָס איז געשטעלט געוואָרן אין „אידישן קעמפער" דעם 5טן יאַנואַר, 1935) איז אַ פּועל־יוצא ניט פון בייזוויליגקייט, נאָר פון אַ געהעריקער אָפּשאַצונג פון דער לאַגע.

וויקלטער אינדוסטריע וועלן ניט זיין אַזוי פיל קרבנות אין אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע ווי אין רוסלאַנד. דאָס איז די זעלבע זעלבסט־נאַרעריי, ווי מיר האָבן זיך איינגערעדט פריער וועגן אַ רוסישער רעוואָלוציע אין פאַרגלייך מיט דער פראַנצויזישער. פאַרקערט, אין די אַנטוויקלטע לענ־דער מיט אַנטשלאָסענע בורשואַזע קלאַסן, וועלכע זייַנען גרייט צו געבן אַ קלאַפּ פאַר אַ קלאַפּ, קען מען דערוואַרטן נאָך מער קרבנות ווי אין רוסלאַנד.

פאַר מיר איז דאָס אַלץ קלאָר ווי צוויי מאָל צוויי איז פיר. אָבער ליידער זייַנען פאַראַן גאָר ווייניק סאָציאַליסטן, וועלכע ציען אַזעלכע שלוסן פון דער רוסישער דערפאַרונג.

דער קאַפּיטאַליזם איז טאַקע אומ׳יושר׳דיק און ברוּ־טאַל, אָבער נאָך אַלעמען מוז יעדער אָביעקטיווער מענש צוגעבן, אַז אין איין קאַרגן יאָרהונדערט האָט ער רייך געמאַכט די וועלט, אַזוי אַז אַפילו די ברעקלאַך פון זיין רייכן טיש, וואָס די אַרבעטער באַקומען, זייַנען מער ווי די אַמאָליקע מאַרצעפּאַנעס. צען מיליאָן אַרבעטסלאָזע איז אַ סקאַנדאַל; מ׳מוז קעמפן סיי דערפאַר, אַז זיי זאָלן באַ־קומען אַרבעט און סיי פאַר דעם אַז אַזוינס זאָל זיך ניט איבער׳חזר׳ן. אָבער צען מיליאָן אַרבעטסלאָזע, איבער־הויפּט נאָך ווען מ׳לאָזט זיי ניט אינגאַנצן אויסגיין פון הונגער, איז פאָרט בעסער ווי צען מיליאָן הרוגים.

***

דער געוויינלאכער תירוץ, וואָס ווערט געגעבן אויף

אַזעלכע אַרגומענטן ווי מיינע, איז, אַז רעוואָלוציע ווערט פון קיינעם ניט „געמאַכט”, נאָר זי קומט פון זיך אַליין — אַט, צום ביישפּיל, ווי פּאָקן אָדער מאָזלען. אָט דער משל מיט די פּאָקן און מאָזלען איז זייער אַ פּאָפּולערער. אָבער חוץ דעם, וואָס אַ נמשל איז איבערהויפּט זעלטן גלייך צום משל, איז מיר ניט באַקאַנט, אַז אימיצער זאָל זוכן צו פאַרשפּרייטן מגפות. פאַרקערט, ווי ווייט מיר איז באַקאַנט זוכט מען זיי גאָר אָפּצושטעלן אָדער לכל הפחות באגרע־ניצן, דורך איינשפּריצונגען א. א. וו., בעת אַ רעוואָלוציע איז דאָך גאָר אַ מצוה צו פאַרשפּרייטן און אויפצובלאָזן.

נאַטירלאך מיינט דאָס ניט, אַז מ׳דאַרף אַראָפּלאָזן די הענט און גאָרניט טאָן צו פאַרבעסערן דעם טאָג־טעגלאכן לעבן פון די מאַסן און פאַר דעם סאָציאַליזם. אַנטשלאָסנ־קייט אין פּאָליטישן און עקאָנאָמישן קאַמף איז אָבער בשום אופן ניט פאַרבונדן מיטן געדאַנק פון באוואָפנטן אויפשטאַנד און מיט רעוואָלוציע; מ׳קען קעמפן אַגרעסיוו, און סוף כל סוף דערגרייכן מער, אויך מיט אַנדערע מיטלען. מ׳טאָר אָבער ניט העלפן אויפבלאָזן שרפות, וועלכע קענען נאָכ־דעם ניט איינגעצאַמט ווערן, און וועלכע פאַרצערן אין זייערע פלאַמען ניט נאָר די בורזשואזיע נאָר גרויסע טיילן פון אַרבעטנדן פאָלק גופא.

אָט דאָס איז דער מוסר־השכל, וואָס יעדער קלאָר־קעפּיקער סאָציאַליסט דאַרף זיך אַראָפּנעמען פון דער רוסישער רעוואָלוציע.

# דער באוואפנטער אויפשטאנד

וואס פאר א מיינונג איינער זאל ניט האבן וועגן דער ווינשענסווערטקייט פון גוואלטזאמע רעוואלוציעס, קען ער אבער בשום אופן ניט איגנארירן די פראגע פון דער מעג־לאכקייט אז א באוואפטער אויפשטאנד זאל פירן צו א זיג.

די דערפארונג ווייזט, אז עס איז ניטא קיין שום מעג־לאכקייט פאר דעם דערפאלג פון א באוואפנטן קאמף מצד פאלקס־מאסן קעגן מיליטער, ווי צוויי גלייכע כחות; אז אזא קאמף קען נאר דעמאלט האבן אן אויסזיכט אויף דער־פאלג ווען די פירערשאפט פון דער ארמיי איז וואקלדיק און אומאנטשלאסן; אז אזא אומאנטשלאסנקייט קען נאר קומען דעמאלט ווען דער באוואפנטער אויפשטאנד האט הינטער זיך די סימפאטיע פון אלע שיכטן פון פאלק. דארט אבער וואו דער באוואפנטער אויפשטאנד האט ניט הינטער זיך דאס גאנצע פאלק און באדייטנדע שיכטן שטייען באוואוסטזיניק הינטער דער מאכט, ווייזט די מיליטערישע פירערשאפט ארויס יענע אנטשלאסנקייט, ברוטאליטעט און ריקזיכטסלאזיגקייט וואס איז כאראקטעריסטיש פאר איר פראפעסיע, און זי אונטערדריקט אים זייער גרינג.

שוין אין יאר 1895 האט עס פרידריך ענגעלס פאר־שטאנען און ער האט עס קלאר ארויסגעזאגט אין א פאר־

רעדע צו קאַרל מאַרקס' בראָשורע „דער קלאַסן־קאַמף אין פראַנקרייך, 1848—1850".

„זאָל ניט הערשן קיין אילוזיע וועגן דעם. אַן אמת'ער זיג איבער דער מיליטער אין אַ גאַסן־קאַמף, אַ זיג ווי צווישן צוויי אַרמייען, געהערט צו די גרעסטע זעלטנקייטן", זאָגט דאָרט ענגעלס.

ווי באוואוסט, איז ענגעלס געווען אַ שטיקל מומחה אין הלכות סטראַטעגיע. ער לאָזט זיך דאָרט אריין אין אַן אַנאַליז און ווייזט אַן פּאַר וואָס דאָס איז אַזוי פון אַ ריין־מיליטערישן שטאַנדפּונקט. דער מיליטערישער אַנאַליז איז אָבער פאַר אונז ווייניקער אינטערעסאַנט ווי די שלוסן צו וועלכע ענגעלס קומט:

„עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס דער באַריקאַדן־קאַמף, אַנגעפירט מיט דעם גרעסטן העלנמוט . . . האָט זיך אַלעמאָל געענדיקט מיט דעם דורכפאַל פון דעם אויפשטאַנד, אויב די אַטאַקירנדע אָנפירער (פון דער אַרמיי) זיינען ניט געשטערט געוואָרן דורך פּאָליטישע אויסרעכע־נונגען, האָבן געהאַנדלט פון אַ ריין־מיליטערישן שטאַנד־פּונקט און האָבן זיך געקענט פאַרלאָזן אויף די סאָל־דאַטן . . . . "

„די צאָלרייכע דערפאָלגן פון די בונטאַרן פון יאָר 1848 זיינען געקומען צוליב אַ סך אורזאַכן. אין יעדן פאַל איז דער זיג געוואונען געוואָרן דערפאַר ווייל די סאָל־דאַטן האָבן ניט אויסגעפירט די באַפעלן, ווייל די קאָמאַנ־

דירן האָט געפעלט אַנטשלאָסנקייט אָדער ווייל זייערע הענט זיינען געווען געבונדן.

„דעריבער האָבן די באַריקאַדן אַפילו אין דער קלאַסישן פעריאָד פון גאַסן־קאַמפן גיכער געהאַט אַ מאָראַלע איידער אַ מאַטעריעלע ווירקונג. זיי זיינען געווען אַ מיטל צו צוטרייסלען די סאָלידאַריטעט פון די מיליטער־לייט. אויב די ווירקונג האָט אָנגעהאַלטן ביז דער דאָזיקער ציל איז דערגרייכט געוואָרן, איז אַ נצחון געוואונען געוואָרן; אויב ניט, האָט עס באַדייט דורכפאַל".

ענגעלס ווייזט אָן, אַז די באַריקאַדן האָבן שוין אין יאָר 1849 פאַרלאָרן זייער גלאַנץ. די סאָלדאַטן האָבן שוין מער ניט געזען הינטער זיי „דאָס פאָלק", נאָר בונטאָווּשטשיקעס, אַגיטאַטאָרס, רויבער, גנבים, אָפּפאַל פון דער געזעלשאַפט. ער קומט צו פאָלגענדע שלוסן:

„דער אויפשטאַנד פון דעם אַלטן מין, דער גאַסן־קאַמף הינטער באַריקאַדן, וואָס האָט ביז דעם יאָר 1848 געגעבן די לעצטע אַנטשיידונג, האָט אָפּגעלעבט זיין צייט".

„עס איז שוין אַריבער די צייט פאַר רעוואָלוציעס, אָנגעפירט פון קליינע מינדערהייטן בראש פון ניט־באַוואוסטזיניקע מאַסן".

„עס איז שווער צו גלויבן, אַז עס וועלן ווען־עס־איז אין דער צוקונפט פאַרקומען אויפשטאַנדן מיט וועלכע אַלע שיכטן פון דער געזעלשאַפט זאָלן סימפּאַטיזירן — עס וועט אַלעמאָל אויסזען אַז „דאָס פאָלק" איז צוטיילט, און

אויף אַזאַ אופן וועט פעלן יענער מעכטיקער מאָמענט וואָס איז געווען אַזוי ווירקזאַם אין 1848".

„און אַזוי איז עס געקומען דערצו, אַז די בורזשואַזיע און רעגירונג האָבן אַ סך מער מורא פאַר דער לעגאַלער איידער פאַר דער ניט־לעגאַלער אַקציע פון די אַרבעטער, האָבן מער מורא פאַר דערפאָלגן אין די וואַלן איידער פאַר דערפאָלגן פון אויפשטאַנדן".

וואָס פאַר אַ טיפער אמת עס ליגט אין די דאָזיקע ווערטער, וועלכע זיינען געשריבן געוואָרן פון ענגעלסן מיט פערציק יאָר צוריק! און ווי ריכטיק זיינען זיי אויך פאַר אונזער אייגענער צייט!

אויך אונזער דור האָט דורכגעלעבט די זעלבע דער־פאַרונגען וואָס דער דור פון 1848. די רוסישע רעוואָ־לוציע איז געווען דערפאָלגרייך דערפאַר, וואָס אין גאַנץ רוסלאַנד איז ניט געווען קיין איין געזעלשאפטלאכער שיכט וואָס זאָל ניט האָבן געווען אַנטריסטעט מיט דער צאַרישער רעגירונג און דאָס מיליטער האָט אַנשטאָט צו קעמפן קעגן די רעוואָלוציאָנערן גאָר מיט זיי פראַטערניזירט. אויך די דייטשע רעוואָלוציע איז געווען דערפאָלגרייך דערפאַר ווייל נאָכדעם ווי דער מיליטערישער פראָנט האָט צוזאַ־מענגעבראָכן און דער קייזער איז אַנטלאָפן איז ניט געווען ווער עס זאָל אָנפירן די פאַרטיידיקונג פון דער אַלטער אָרדנונג.

יעדער אַנדער אויפשטאַנד אָבער, וואָס איז פאַרגע־

קומען אונטער אַנדערע באַדינגונגען, — וואו ניט דאָס גאַנצע פאָלק איז געשטאַנען הינטער די רעוואָלוציאָנערן און וואו די הערשנדע אָרדנונג האָט געהאַט די מאָראַלישע אונטערשטיצונג פון באַדייטנדע שיכטן פון דער געזעל־שאַפט, — איז גאַנץ גיך אונטערדריקט געוואָרן אַן גרויסע אָנשטרענגונגען. דאָס באַווייזן די פּאַסירונגען אין אונגאַרן, אין איטאַליע און אין דייטשלאַנד, אָבער נאָך בעסער און אַנטשיידנדער באַווייזן דאָס די לעצטע אויפשטאַנדן אין עסטרייך און שפּאַניע.

*
**

קאַרל מאַרקס האָט פאַר אונז אויפגעשטעלט די אילוזיע פון אַן אַרבעטער־קלאַס, וואָס ווירקט ווי אַן איינהייט און איז אַלמעכטיק אין דער געזעלשאפט — אָבער דאָס לעבן האָט געמאַכט באַדייטנדע לעכער אין דעם דאָזיקן בנין פון מאַרקסן. פאַר אונזער היינטיקן ענין איז נויטיק אָנ־צואווייזן אויף בלויז צוויי פון די דאָזיקע לעכער.

ערשטנס — דער פאַקט וואָס אַרבעטער פירן אַ קלאַסן־קאַמף קעגן זייערע באַלעבאַטים פאַר אַ בעסערן לעבן איז נאָך ניט קיין באַווייז אַז מ׳קען זיי אויך פירן אין קאַמף פאַר אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע ווי אַן אמת׳ע איינהייט, ווי אַ קלאַס. זעען מיר דאָך באַשיינפּערלאַך, ווי דער אַרבעטער־קלאַס איז אומעטום צוטיילט און ווי די באַזונ־דערע טיילן זיינע באַקעמפן זיך אייבע די אַנדערע אָפטמאָל אַ סך ביטערער ווי זיי קעמפן קעגן קאַפּיטאַליזם. מ׳קען

געבן פארשיידענע דערקלערונגען פאר דער דאזיקער דער־שיינונג, אבער דעם פאקט גופא אז דער ארבעטער־קלאס האנדלט שוין גארניט ווי א געזעלשאפטלאכע איינהייט קען מען ניט פארלייקענען.

צווייטנס — האט זיך ארויסגעשטעלט, אז די אלמעכ־טיגקייט פון דעם ארבעטער־קלאס איז א היפש ביסל איבער־טריבן, איז גיכער א וואונש ווי א פאקט; אז אפילו דארט וואו „דער ארבעטער וויל", בלייבן נאך אלץ ניט „אלע רעדער שטיל", ווי די מארקסיסטישע ראמאנטיק האט אונז איינגעוויגט צו גלויבן. די קאפיטאליסטישע פראדוקציע־פראצעסן זיינען אזוי פאראיינפאכט און צופיצלט געווארן, אז דער באדייט פון דעם ארבעטער אין דער פראדוקציע איז געווארן א סך קלענער ווי דעמאלט ווען מ'האט גע־מוזט האבן קוואליפיצירטע בעל־מלאכות צו טאן די אר־בעט. דאס וואס די ארבעט באשטייט אפט ניט מער ווי אין א דריק טאן א קנעפל אדער אויפהויבן א הענטל, וואס יעדערער קען טאן אן פיל פארברייטונג, האט גוואל־דיק פארמינערט דעם ארבעטערס רעוואלוציאנערע מעג־לאכקייטן.

זייער קלאר האט זיך דאס ארויסגעשטעלט אין ענג־לאנד אין דער צייט פון דעם גרויסן אייזנבאן־סטרייק אין 1926. ביז דעמאלט איז געווען אלגעמיין אנגענומען, אז דורך אן אייזנבאן־סטרייק קענען די ארבעטער ממש אפ־שטעלן די גאנצע בלוט־צירקולאציע פון דעם געזעלשאפט־

לאכן קערפער, אַז דורך איבערשניידן אָט די „נערוון״ פון פאַרקער קענען די אַרבעטער קריגן וואָס זייער האַרץ גלוסט נאָר. אין דעם אייזנבאַן־סטרייק אין ענגלאַנד אָבער האָט זיך ארויסגעשטעלט, אַז די אַנטוויקלונג פון דעם אויטאָמאָביל מיט די מיליאָנען אויטאָמאָביל־אַנטרייבער פון אַלע קלאַסן גיט דער בורזשואַזיע אַ מעגלאכקייט צו ברעכן אַ סטרייק אַפילו פון אייזנבאַן־אַרבעטער.

דאָס, וואָס דער ענגלישער רעגירונג האָט זיך איינ־געגעבן אַזוי גרינג צו ברעכן דעם אייזנבאַן־סטרייק אין 1926, דאַרף דינען ווי אַן ענדגילטיקער באַוויז, אַז די מאַכט פון אַרבעטער־קלאַס אין דער געזעלשאפט איז ניט אַזוי גרויס ווי אַמאָל, און אַז אונטער די נייע באדינגונגען קען ער ניט געווינען זיינע פאָדערונגען סיידן ער האָט אויף זיין זייט די סימפּאַטיע און שטיצע פון דער אַלגע־מיינער געזעלשאפטלאכער מיינונג.

אויב דאָס איז אמת אין ריין־עקאָנאָמישע קאַמפן, איז דאָס נאָך אַ סך ריכטיקער אין שייכות צו סאָציאַלע רע־פאָרמען און איבערקערענישן. זינט דעם ענגלישן אייזנ־באַן־סטרייק איז וואָס ווייטער אַלץ קלאָרער געוואָרן פאַר יעדן אויפמערקזאַמען באַאָבאַכטער, אַז דער אַרבעטער־קלאַס אַליין, אָן דער שטיצע און מיטהילף פון אַנדערע קלאַסן, וועט בשום אופן ניט קענען דערגרייכן קיין באַ־דייטנדע סאָציאַלע רעפאָרמען; אַז הגם דער אַרבעטער־קלאַס וועט אפשר דינען אַלס נוקלעאוס, ארום וועלכן עס

וועלן זיך ארומזאַמלען אַלע פּראָגרעסיווע כחות, קען ער אָבער מיט זיינע אייגענע כחות אַליין, איבערהויפּט נאָך קעגן דעם ווילן פון אַנדערע שיכטן, גאָרניט אויפטאָן.

אַט די פאַקטן שטופּן אונז מיט אַן אומפאַרמיידלאַכער קראַפט איינצוזען, אַז ניט דורך רעוואָלוציאָנערע ארויס־טרעטונגען קען עפּעס דערגרייכט ווערן; אַז ניט דורך פאַרלאָזן זיך אויף אַ כשר'ער מאַרקסיסטישער קלאַסן־פּאָליטיק פון אַרבעטער אַליין קען דערגרייכן ווערן אַ סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט; אַז די בעסטע אויסזיכטן אויף דערפאָלג ליגן אין ברייטע פּראָגרעסיווע פּאַרטייען, לויט דעם מוסטער פון דער בריטישער לייבאָר־פּאַרטיי.

עס מוז אַלגעמיין אַנערקענט ווערן, אַז אויך פאַר אונזער צייט זיינען גילטיק די ווערטער פון פרידריך ענגעלס, וואָס ער האָט געשריבן מיט העכער פערציק יאָר צוריק:

„. . . די בורזשואַזיע . . . האָט אַ סך מער מורא פאַר דער לעגאַלער איידער פאַר דער ניט־לעגאַלער אַקציע פון די אַרבעטער, האָט מער מורא פאַר דערפאָלגן אין די וואַלן איידער פאַר דערפאָלגן פון אויפשטאַנדן".

# די פּראָלעטאַרישע אָריענטאַציע
# פון סאָציאַליזם

נאָכדעם ווי קאָלומבוס האָט אין יאָר 1492 אַנטדעקט דעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט, איז געוואָרן קלאָר פאַר יעדן מענשן מיט אַ פרייען קאָפּ, אַז די ערד איז ניט פלאַך ווי אַ טעלער, וואָס ערגעץ ביי אירע ברעגעס קען מען אַרונטערפאַלן דער טייוול ווייס וואוהין, נאָר אַז זי איז רונד.

בערך אין יענער צייט האָט געלעבט אַ מענש מיט אַ דערפינדערישן קאָפּ. ער איז געווען דער היפוך פון דעם דורכשניטלאכן מענשן, וואָס ווערט באהערשט פון דער קראַפט פון געוואוינהייט און ציטערט פאַר נייאיגקייטן ווי דער טייוול פאַר ווייררויך. דער דאָזיקער מענש האָט פיינט געהאַט אַלץ, וואָס איז אַלט, און האָט כסדר זיך געיאָגט נאָך אינאָוואַציעס, אַפילו ווען די נייע זאַכן זיינען געווען ניט מער ווי זייפן־בלאָזן.

אַט דער טשיקאַווער פאַרשוין האָט געצויגן זיין חיונה פון בויען שיפן. איז אַזוי שנעל ווי עס איז קלאָר געוואָרן פאַר אים, אַז די וועלט איז קיילעכדיק, איז ער געוואָרן אומרואיק, האָט ניט געקענט שלאָפן אין די נעכט און האָט אָנגעהויבן צו טראַכטן מאָדנע געדאַנקען.

מיין גאַנצן לעבן, — האָט ער געטראַכט, — האָב

איך געבויט שיפן, צו קענען שווימען איבער אַ גראַדן וואַסער־פלאַך. דאָס איז געווען גוט אַזוי לאַנג ווי עס איז געווען אָנגענומען אַז די ערד איז פלאַך. אָבער איצט, אַז עס איז קלאָר פאַר יעדן בר־דעת, אַז די ערד איז גאָר רונד, קען דאָך זיין, אַז די פריערדיקע שיפן מיט די פלאַכע דאָקן זיינען ניט צוגעפאַסט פאַר אַ רונדער ערד, און אַז אויב מ׳זאָל מאַכן די דאָקן פון די שיפן קיילעכדיק, וועלן די שיפן זיך גליטשן איבערן וואַסער אַ סך גלאַטער און שנעלער. מילא, אויף דער יבשה, — האָט ער ווייטער געטראַכט, — זיינען פאַראַן העכערע פלעצער און נידע־ריקערע, בערג, בערגלאך און טאָלן; אָבער אויפן וואַסער איז דאָך די רונדקייט פון ערד־קוגל פולקאָמען, טאָ פאַר וואָס זאָל מען בעסער ניט בויען שיפן מיט קיילעכדיקע דאָקן?

אָט אַזוי האָט דער בעל־דבר געקלערט, און ער איז גלייך אַריבער ממחשבה למעשה — ער האָט זיך גענומען בויען אַ שיף מיט אַ קרומען דאָק.

די נייעס, אַז אָט דער שיף־בויער האַלט אין בויען אַ שיף מיט אַ קרומען דאָק האָט זיך פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער געגנט, און מאַטראָסן און פישער־לייט פון נאָענט און ווייט האָבן זיך גענומען ציען אָנקוקן דעם בייזן וואונדער. אַז עס איז אָנגעקומען דער טאָג ווען די שיף איז שוין געווען פאַרטיק און דער דערפינדער האָט גע־דאַרפט אַרונטערגליטשן זיין נייע שיף פון די רעלצן אין

וואַסער אריין, איז דער ברעג געווען פאַרפלייצט מיט נייגעריקע מענשן.

מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם און מיט אויסגע־סטאַרטשעטע אויגן האָט דער עולם צוגעקוקט וואָס דאָ וועט פאַרקומען. ענדלאך האָבן זיי זיך דערוואַרט — די שיף איז, מיט מזל, אריינגעגליטשט געוואָרן אין וואַסער, און, וואונדער איבער וואונדער, זי איז געבליבן שטיין גלייך און סטראַיִנע, ווי אַלע שיפן. אין אַ קורצער צייט ארום איז שוין די גאַנצע מאַנשאַפט געווען אויף דער שיף, גרייט אָנצוהויבן די פראָבע־רייזע. עס האָט גענומען אַ שטיקל צייט ביז די זעגלען פון דער שיף זיינען ווי געהעריק אָנגעשטעלט געוואָרן, אָבער ענדלאך האָט זיך די שיף אַ ריר געטאָן.

עס איז געווען שיין צו זען, ווי די שיף איז געגאַנגען, ווי די שפּיצן אירע האָבן געשניטן טיף־טיף אין דעם וואַסער. אַלץ איז געגאַנגען כשורה, ביז — עפּעס האָט פּאַסירט. מיט אַמאָל האָט דער ווינט געביטן זיין ריכטונג, און איידער די מאַטראָזן האָבן באוויזן איבערצושטעלן די זעגלען איז די שיף אַ פאַל געטאָן אויף אַ זייט, איז שנעל אָנגעפילט געוואָרן מיט וואַסער און איז געזונקען צוזאַמען מיט דעם דערפינדער און מיט אַלע מאַטראָסן איידער עס איז געווען צייט זיי צו ראַטעווען.

אַט אַזוי איז געקומען אַ סוף צו דעם „גלענצענדן" געדאַנק פון בויען שיפן מיט קרומע דאַקן.

***

דער לעזער שטויסט זיך מסתמא אָן, אַז די גאַנצע מעשה מיט דער שיף מיט אַ קרומען דאַך איז לא היה ולא נברא; אַז קיינעם איז קיינמאָל ניט איינגעפאַלן אַזאַ שיף צו בויען, און אַז במילא האָט זי ניט געקענט זינקען. די גאַנצע מעשה איז ניט מער ווי אַ משל אַנטקעגן עפּעס אַנדערש, און דעם נמשל וועט איר אויסגעפינען אַ ווײַלינקע שפּעטער.

בויען אַ שיף איז פאַרבונדן מיט פּאָזיטיווע וויסנשאַפטן, וואו אַלץ קען מאַטעמאַטיש באַוויזן ווערן נאָך איידער עס ווערן געמאַכט עקספּערימענטן. דער גראַד פון דער רונדקייט פון דער ערד קען פאַרהעלטניסמעסיק גרינג באַוויזן ווערן דורך אַ מאַטעמאַטישער קאַלקולאַציע, און טאַקע אויפן וואַסער. אַלץ וואָס מ׳דאַרף טאָן איז אויסמעסטן דעם שטח צווישן דעם אָרט וואו מ׳געפינט זיך ביז דעם אָרט וואו אַ שיף פאַרשווינדט הינטערן האָריזאָנט, ווי אויך דעם שטח צווישן דעם וואַסער־פלאַך ביזן אויגן וואָס קוקט ווי די שיף פאַרשווינדט. מיט אָט די מאַטעמאַטישע „פאַקטאָרן״ קען מען על פּי חכמת הגעאָמעטריע אויסרעכענען ווי לאַנג עס איז דער גאַנצער אומקרייז פון דעם ערד־קוגל. און ווייס מען, אַז דער אומקרייז פון דער ערד איז בערך 25 טויזנט מייל, איז דער שכל מחייב אַזביים בויען אַ שיף, אַפילו די מעגלאַכסט גרעסטע, וואָס פאַרנעמט אַן אומבאַדייטנד נישטיקן שטח

לגבי דעם ריזיקן אומקרייז פון 25 טויזנט מייל, דאַרף דער פאַקט פון דער רונדקייט פון דער ערד אינגאַנצן ניט גענומען ווערן אין באטראכט.

דעריבער האָט מען אַלעמאָל, און מ'וועט אויך ווייטער, בויען שיפן ניט מיט קרומע דאַקן, נאָר מיט גלייכע — אָט פונקט אַזוי ווי די ערד וואָלט געווען פלאַך ווי אַ טעלער. און קיינעם פאַלט ניט איין צו דרינגען דערפון, אַז דאָס איז אַ ווידערשפרוך צו דעם פאַקט, וואָס די ערד איז רונד. פראָסט־פשוט: די ערד איז טאַקע רונד, אָבער מיט בויען אַ שיף האָט עס גאָרניט צו טאָן.

דאָרט וואו ס'האַנדלט זיך וועגן פאָזיטיווע ענינים, וואָס לאָזן זיך אָנטאַפּן, אויסמעסטן, אָפּוועגן אָדער אויס־רעכענען, רופן אַזעלכע פראַגן אַפילו ניט ארויס קיין ערנסטע מיינונגס־פאַרשיידנהייטן. אַנדערש איז עס אָבער אין דער סאָציאָלאָגיע. ניט איין סאָציאַלע שיף מיט אַ קרומען דאַק איז אויפגעבויט געוואָרן און איז נאָכדעם פארניכטעט געוואָרן פון דעם ערשטן שטאַרקן ווינט, בעת די בויער און מייסטער פון דער שיף בלייבן שטיין פאַר־צווייפלט און וואונדערן זיך, ווי אַזוי דאָס האָט געקענט פאַסירן. איז דען דער סאָציאָלאָגישער מאָמענט אָדער טענ־דענץ, פון וועלכן דער פלאַן פאַר דער שיף מיט דעם קרומען דאַק איז אַ פועל־יוצא, ניט קיין ריכטיקער? — פרעגן זיי זיך. און אויב יאָ, טאָ ווי זשע קומט עס, וואָס די שיף האַלט זיך ניט גוט אויפן לעבנס־ים? דערביי

פאַלט זיי גאָרניט איין, אַז דער אַלגעמיינער פּרינציפּ מעג זיך זיין אַ ריכטיקער, אָבער ביי דעם פּראַקטישן פּראָבלעם פון בויען אַ שיף טאָר מען אים ניט נעמען אין באַטראַכט.

אָט אַזאַ מין פּרינציפּ איז, לויט מיין מיינונג, דער קלאַסן־קאַמף־פּרינציפּ, וואָס אַפילו ווען ער איז אין עצם ריכטיק, אָבער אויב מ'ווענדט אים אָן בוכשטעבלאַך ביי דער אויסבויאונג פון אַ סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אָדער באַוועגונג, קומט דערפון אַרויס . . . אַ שיף מיט אַ קרומען דאַק.

***

דער געדאַנק, אַז מענשן ווערן באַאיינפלוסט פון זייער האַביטאַט, פון די קלימאַטישע און טאָפּאָגראַפישע באַדינגונגען פון דעם געגנט אין וועלכן זיי וואוינען, פון דעם וואָס ווערט אָנגערופן „אומגעבונג", איז זייער אַן אַלטער; אויך איז ניט ניי דער געדאַנק, אַז מענשן פון איין באַשעפטיקונג אַנטוויקלען אין זיך מיט דער צייט געוויסע ספּעציפישע אייגנשאַפטן, מיט וועלכע זיי אונטערשיידן זיך פון מענשן פון אַנדערע באַשעפטיקונגען.

די שיינע ליטעראַטור פון אַלע צייטן איז אָנגעפּיקעוועט מיט אַן אַ שיער מוסטערן, ווי אַזוי מענשן פון פאַרשיידענע באַשעפטיקונגען זעען אויס אַנדערש, רעדן אַנדערש, טראַכטן אַנדערש און האַנדלען אַנדערש. ביי אונז אידן זיינען קצבים געווען אַ באַזונדערער באַשטימטער טיפּ, און שניידער ווידער אַ באַזונדער טיפּ, און שוסטער —

נאָך אַן אַנדער טיפּ, און בעלי־עגלות און קלעזמער זיינען אודאי געווען ספּעציפישע טיפּן. אין דעם באַקאַנטן אידישן פאָלקסליד „אַ חזנ'דל אויף שבת" ווערט אויף אַ פאָלקס־טימלאכן אופן איבערגעגעבן, ווי אַזוי אַזאַ איינפאַכער פאַקט, אַז אַ נייער חזן האָט געדאַוונט אין שול, ווערט איבער־דערציילט פון דעם שניידער, פון דעם שוסטער און פון דעם בעל־עגלה מיט גאַנץ פאַרשיידענע נוסחאות. אידישע קלעזמער האָבן, ווי באַוואוסט, גאַר אינגאַנצן געהאַט אַן אייגענע „שפּראַך".

קאַרל מאַרקס איז געגאַנגען אַ סך ווייטער. ער האָט געפאָרשט די אַנטוויקלונג פון דער מענשלאכער געזעל־שאַפט, האָט זיך געגראָבן אין אירע סודות, כדי צו אַנט־דעקן דעם צענטראַלן פּרינציפּ לויט וועלכן די געזעלשאַפט אַנטוויקלט זיך, און ער איז געקומען צום שלוס, אַז די גאַנצע געשיכטע פון דער מענשהייט איז ניט מער און ניט ווייניקער ווי די געשיכטע פון קלאַסן־קאַמף.

די דאָזיקע אויפפאַסונג פון געשיכטע איז גוואַלדיק אימפּאָנירנד און האָט ממש גענומען געפאַנגען די מענש־לאכע פאַנטאַזיע. דער אויסערגעוויינלאכער דערפאָלג פון אָט דעם מאַרקסיסטישן געדאַנק האָט געוויס אַ שייכות דערמיט, וואָס אין זיין הילפלאָזיגקייט צו פאַרשטיין די סודות פון דעם אוניווערז און פון עקזיסטענץ בכלל כאַפּט דער מענש זיך אָן אין זיין פאַרצווייפלונג אָן מאַגיסטישע טעאָריעס וואָס זוכן צו דערקלערן אַלע דערשיינונגען מיט

איין־איינציקן פּרינציפּ אָדער אורזאַך. אפשר איז מאַרקס׳ אויפפאַסונג פון דעם געשיכטלאכן פּראָצעס טאַקע אַ ריכ־טיקע. איינס אָבער איז זיכער: די אַלע וואָס טומלען זיך פאַר און קעגן מאַרקסיזם ווייסן ניט ווער עס האָט זיי געשלייערט. די צאָל מענשן, וואָס זיינען קאָמפּעטענט זיך צו דערשלאָגן צו אַ זעלבסטשטענדיקער מיינונג וועגן מאַרקס׳ אויפפאַסונג פון געשיכטע איז זייער קליין. כדי צו קומען צו אַ מיינונג וועגן דעם, דאַרף מען זיין גרינט־לאך באַהאַוונט אין דעם גאַנצן אָנגעזאַמלטן מאַטעריאַל פון מענשלאכן דענקען און וויסן. און וויפיל מענשן אַזעלכע האָבן מיר עס אַפילו צווישן די כלומרשטע „פירער" און „דענקער" אונזערע?

אָבער צו נעמען אָט דעם געדאַנק — וואָס, אויב ער איז אַפילו אמת, איז ער דאָס בלויז היסטאָריש, איבער לאַנגע היסטאָרישע פעריאָדן — און אים אָנווענדן אַלס פּראַקטישן ריכט־שנור פאַר דער סאָציאַליסטישער באַווע־גונג, מוז אין לעצטן סך־הכל ווערן די גרעסטע שטערונג פאַר איר פאָרשריט.

אַ סאָציאַליסטישע באַוועגונג, וואָס איז אָריענטירט פולשטענדיק אויף איין־איינציקן געזעלשאַפטלאכן קלאַס, אויף דעם פּראָלעטאַריאַט, איז, פון שטאַנדפּונקט פון פּראַק־טישן דערפאָלג, דער גרעסטער אומזין — ווירקלאך, אַ שיף מיט אַ קרומען דאָק.

נעמען דעם מאַרקסיסטישן געדאַנק, — וואָס איז אין

גרונט גענומען אַן אַקאַדעמישע פראַגע, — און דריגגען פון אים פראַקטיש, אַז בלויז פּראָלעטאַריער, באַזיצלאָזע מענשן וואָס אַרבעטן פאַר שכירות, זיינען די איינציקע באַ'עוולה'טע אין דער געזעלשאַפט, און אַז בלויז זיי קענען זיין קעמפּער פאַר סאָציאַליזם, איז ניט נאָר פאַלש נאָר דער גרעסטער שטער אויף דעם וועג פון סאָציאַליזם.

אין דער געזעלשאַפט זיינען פאַראַן גענוג פאָלקס־שיכטן, וואָס ווערן עקספּלואַטירט ניט ווייניקער ווי דער שטאָטישער פּראָלעטאַריאַט, כאָטש זיי באַזיצן יאָ אַביסל אייגנטום. דער פאַרמער, צום ביישפּיל, כאָטש ער זעט ניט פון ווען ער ווערט עקספּלואַטירט און ער האָט ניט קעגן וועמען ארויסצוגיין אין סטרייק, לעבט ערגער פון דעם אַרבעטער און אַרבעט אַ סך שווערער פאַר אים. עס זיינען אויך פאַראַן באַדייטנדע מיטלקלאַס־שיכטן, וואָס וואָלטן גערן זיך געביטן מיט געוויסע שיכטן פון פּראָלע־טאַריאַט. נעמען און פּסל'ענען מיט איין קלאַפּ אָט־די אַלע פאָלקס־שיכטן אַלס מעגלאכע קעמפּער פאַר סאָציאַ־ליזם איז אי אומ'יושר'דיק אי נאַריש.

דער באַזיצלאָזער פּראָלעטאַריאַט, ווידער, איז אויך נאָר אין אַ פילאָזאָפיש־היסטאָרישן זין אַן איינהייטלאכער עקאָנאָמישער קלאַס מיט איינע און די זעלבע אינטערעסן. אין דער פּראַקטיק איז דער פּראָלעטאַריאַט גופא צוטיילט אין פאַרשיידענע שיכטן, און עס איז אַ שעדלאכע, פאַנ־טאַסטישע איינריידעניש צו דערוואַרטן אַז ער וועט אַלע־

מאָל האַנדלען ווי אַן איינהייט. עס איז פיל געזינטער פאַר דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג צו בויען אירע אויס־רעכענונגען אויף די עקספּלואַטירטע פאָלקס־שיכטן פון מערערע קלאַסן איידער אויסשליסלאַך אויף דעם פּראָלעטאַריאַט.

די לעצטע יאָרן רופט מען מיך רעגלמעסיק יעדן יאָר צו דינען אין געריכט אַלס „געשוואוירענער" (דזשורימאַן). די משפּטים זיינען אַן און פאַר זיך ניט איבעריקס אינטע־רעסאַנט. דאָס זיינען אַלץ „שור שנגח את הפּרה"־פּראָ־צעסן — איין אויטאָמאָביל איז אריינגעפאָרן אין דעם אַנדערן; איינער איז פאַרוואונדעט געוואָרן בעת ער איז געפאָרן אויף אַ טראַמוויי; אַמאָל קומט אויך פאַר אַ פּראָ־צעס וועגן אַן אַרבעטער, וואָס איז באַשעדיקט געוואָרן ביי דער אַרבעט. ווי געזאָגט, די פּראָצעסן גופא זיינען ניט אינטערעסאַנט, אָבער גוואַלדיק אינטערעסאַנט איז צו שטו־דירן די פּסיכאָלאָגיע פון די „דזשורי־לייט", ווי אַזוי זיי רעאַגירן אויף די באַווייזן וואָס ווערן פאַר זיי פאָרגע־בראַכט, וואו זייערע סימפּאַטיען זיינען און וואָס פאַר אַ ראָליע דאָס שפּילט אין זייער אורטייל. דערפון קען מען אַ סך מער לערנען וועגן קלאַסן־פּסיכאָלאָגיע איידער אין אַ סך דיקע ביכער וועגן דעם דאָזיקן ענין.

די אַדוואָקאַטן האָבן דאָס רעכט צו עקזאַמענירן יעדן דזשורי־מאַן און אים צוריקווייזן אויב זיי געפינען אַז ער האָט אַ פאָראורטייל אין דעם פאַל וואָס דאַרף פאַר אים

פאַרגעלעגט ווערן. יעדער אַדוואָקאַט ווייס פון דערפאַרונג, אַז געווינען דעם פּראָצעס קען ער ניט סיידן ער וועט האָבן אַ סימפּאַטישע דזשורי. ווען דער זייטיקער מענש זיצט און הערט זיך צו וואָס פאַר אַ פראַגן די אַדוואָקאַטן שטעלן די פּראָספּעקטיווע דזשורי־לייט און ווי זיי ווייזן צוריק דעם און יענעם, קריגט ער אָפּט דעם איינדרוק, אַז די אַדוואָקאַטן וויסן אַליין ניט וואָס זיי טוען, אַז זיי האַנדלען קאַפּריזנע, לויט דעם מעטאָד פון „טרעף אָדער פעל". דער שלימזל'דיקער אַדוואָקאַט ווייס טאַקע אָפּט ניט וואָס ער טוט. ניט אַזוי אָבער דער פעאיקער אַדוואָ־קאַט, וואָס געווינט מערסטנס זיינע פּראָצעסן; ער ווייס שוין גאָר וועמען צוצולאָזן צו דער דזשורי און וועמען צוריקצואווייזן.

פאַר דעם אַדוואָקאַט איז דאָס ניט קיין פראַגע פון טעאָריע, נאָר פון טעגלאכער פּראַקטיק. פון לאַנגער דער־פאַרונג האָט ער זיך אויסגעלערנט צו קענען אָפּשאַצן די סימפּאַטיען און אַנטיפּאַטיען פון פאַרשיידענע מענשן און ווי אַזוי מ'קען דערוואַרטן אַז זיי וועלען אַנטשיידן אין אַ געוויסן פאַל. פון אויבן־אויף קען זיך אויסדוכטן, אַז דאָס גופא איז די בעסטע באַשטעטיקונג פון דעם מאַרקסיס־טישן אַנאַליז פון קלאַסן־פּסיכאָלאָגיע. אָבער דאָס וואָלט געווען אמת בלויז דעמאָלט, ווען מ'וואָלט געקענט אור־טיילן לויט זיין קלאַסן־אַנגעהעריגקייט ווי אַזוי איינער וועט אַנטשיידן. די זאַך איז אָבער ווייט ניט אַזוי.

די סימפּאַטיע פון דעם יחיד ווערט קריסטאַליזירט, קודם כל, דורך זיין פּערזענלאַכער דערפאַרונג. אויב ער אַליין אָדער זיינער אַ נאָענטער קרוב איז געווען פאַר־מישט אין אַן ענלאַכן פּראָצעס, קען מען קוים דערוואַרטן פון אים אַז ער זאָל קענען אורטיילן אומפּאַרטייאיש וועגן אַזאַ פאַל. נאָכדעם קומען סימפּאַטיען, וואָס זיינען אַ פּועל־יוצא ניט פון פּערזענלאַכער נאָר פון גרופּן־דערפאַרונג, אָבער די דאָזיקע גרופּן־סימפּאַטיען דריקן זיך בשום אופן ניט אויס לויט דער מאַרקסיסטישער קלאַסן־טעאָריע, נאָר אינגאַנצן אַנדערש. נאַציאָנאַלע גרופּירונג און באַשעפטי־קונגס־גרופּירונג שפּילט דערביי אַ סך אַן אנטשיידנדערע ראָלע ווי קלאַסן־גרופּירונג.

ווען עס קומט פאָר אַ פּראָצעס פון אַ יחיד קעגן אַ רייכער קאָרפּאָריישאַן, ספּעציעל אַ „יוטיליטי" קאָמפּאַני, ווענדן די סימפּאַטיען פון אַ אידישער דזשורי — אַלץ איינס צי די אידן זיינען אַרבעטער, קרעמער אָדער קליינע קאַפּיטאַליסטן — אַלעמאָל זיין אויף דער זייט פון דעם יחיד. די אַדוואָקאַטן פאַר די קאָרפּאָריישאַנס ווייסן דאָס זייער גוט. איך אַליין בין ניט איין מאָל אויסבראַקירט געוואָרן אַלס דזשורי־מאַן אין אַזאַ פּראָצעס, און פאַקטיש יעדער אַנדער איד ווערט צוריקגעוויזן פון די אַדוואָקאַטן אין אַזעלכע פּראָצעסן — ניט צוליב קלאַסן־אָנגעהעריג־קייט, אויך ניט צוליב אַנטיסעמיטיזם, נאָר פּשוט ווייל די אַדוואָקאַטן פאַר דער קאָרפּאָריישאַן ווייסן, אַז פון אַ אידי־

שער דזשורי קענען זיי ניט דערוואַרטן יענע „אומפּאַרטיי־אישקייט" לגבי אַ גרויסער, רייכער קאָרפּאָריישאָן, וואָס זיי זוכן.

פון דער אַנדערער זייט, ווידער, ווייסן גוטע אַדוואָקאַטן, אַז דאָס וואָס איינער איז אַליין אַן אַרבעטער איז נאָך ניט קיין גאַראַנטיע, אַז זיינע סימפּאַטיען וועלן זיין אויף דער זייט, למשל, פון דעם אַרבעטער, וואָס איז פאַרוואונדעט געוואָרן ביי דער אַרבעט. דאָס הענגט אויך אָפּ אָן דעם, וואו דער דאָזיקער אַרבעטער איז באַשעפטיקט. אויב ער איז באַשעפטיקט אין אַ גרויסער קאָרפּאָריישאָן, איז ער כמעט אין אַלע פאַלן סימפּאַטיש צו גרויסע קאָרפּאָריישאָנס, איז ער וואָס מ'רופט אין ענגליש „קאָמפּאַני־מאַינדעד", — טראָץ דעם וואָס ער אַליין ווערט גאָר היפּש עקספּלואַטירט פון דער קאָרפּאָריישאָן.

מיט עטלאכע יאָר צוריק איז מיר אַליין אויסגעקומען צו זיצן אויף אַ דזשורי אין אַ פּראָצעס פון אַ פּוילישן „לאָנגשאָרמען", וועלכער איז פאַרקריפּלט געוואָרן אויפן גאַנצן לעבן ביים אַנגרוזעווען אַ שיף. יענע דזשורי איז באַשטאַנען פון 7 אידן און 5 גויים. די אידן זיינען אַלע געווען מיטלקלאַס־מענשן, איינער פון זיי זאָגאָר אַ „לענד־לאָרד". די גויים, ווידער, זיינען געווען פאַרטיילט אַזוי: 1 פּלאָמבער, וועלכער אַרבעט פאַר זיך, באַשעפטיקנדיק אַ געהילף; 1 צייטוויילינקער אַנגעשטעלטער אין דעם איינקאָם טעקס ביוראָ פון דער פעדעראַלער רעגירונג, און 3

אַרבעטער ביי גרויסע קאָמפּאַניס. און, מערקווירדיק — די צוטיילונג אין דער דזשורי איז געווען ניט לויט קלאַסן־ליניעס נאָר גאָר לויט נאַציאָנאַליטעט; אַלע 7 אידן זיינען געווען אויף דער זייט פון דעם אַרבעטער, בעת די 5 גויים זיינען אַלע געווען אויף דער זייט פון דער „קאָמ־פּענסיישאָן אינשורענס קאָמפּאַני”...

יאָ, אַלע אַדוואָקאַטן ווייסן, אַז אין סאָציאַלע סימפּאַ־טיען שפּילן אַ גוואַלדיקע ראָלע ניט דוקא קלאַסן־אָנגעהע־ריגקייט נאָר אויך אַ סך אַנדערע פאַקטאָרן. אָבער ניט אַזוי די סאָציאַליסטישע באַוועגונג. די מערסטע סאָציאַ־ליסטישע פּאַרטייען פאַרמאַכן די אויגן אויף דערווירק־לאַכקייט און האַלטן זיך מיט אַלע כחות אָן דער פאַר־גליווערטער דאָגמע פון קלאַסן־אינטערעס אַליין.

ניט איין מאַרקסיסטישע פּאַרטיי זאָגט זיך אָפּ אריינ־צונעמען פאַר מיטגלידער מיטלקלאַס־מענשן, וואָס באַשעפ־טיקן איינעם אָדער צוויי אינגלאַך, כאָטש איין גאָט ווייס ווי שווער עס קומט זיי אָן ארויסצוקוועטשן פון זייער „גע־שעפט” אָן אָרימע חיונה, — בעת זיי נעמען אויף מיט אָפענע אָרעמס שרייבער, דאָקטוירים און אַנדערע פּראָפע־סיאָנאַלן, וואָס פאַרדינען צען טויזנט דאָלאַר אַ יאָר און מער. פון שטאַנדפּונקט פון סאָציאַלער גלייכהייט איז אַ סך יושר'דיקער צו באַטראַכטן אַלס עקספּלואַטאַטאָר יענעם וואָס ציט ארויס פון דער געזעלשאַפט מער ווי עס טראָגט אויס אויף זיין חלק לויט דער נאַציאָנאַלער הכנסה, איידער

יענעם מיטלקלאַס-מענש, וואָס, כאָטש ער באַשעפטיקט אַ פּאָר אַרבעטער, פאַרדינט ער אָבער ניט מער ווי עס טראָגט אויס אויף זיין חלק, אָדער נאָך ווייניקער.

אויב די סאָציאַליסטישע באַוועגונגס-שיף האָט אין די לעצטע לעבנס-שטורמס געליטן שיף-ברוך, — איז עס געשען הויפּטזעכלאַך צוליב דעם, וואָס איר באַזיס איז געווען דער קרומער דאָק פון איבערטריבענעם און וואולגאַריזירטן קלאַסיזם. דאָס האָט פאַרטריבן פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אַ סך פאָלקס-עלעמענטן, וואָס וואָלטן געקענט ווערן איר גרעסטע שטיצע, און האָט פון זיי געמאַכט קעגנער און שונאים.

די איינציקע האָפענונג ווידער צו רעסטאַווירן די סאָציאַליסטישע באַוועגונג, איז אַוועקצושטעלן איר אויף דעם פעסטן פונדאַמענט פון ברייטן פאָלקיזם אַנשטאָט אויף דעם קרומען דאָק פון אויסשליסנדיקן פּראָלעטאַריאַניזם.

# איז סאָציאַלער קאָנטראָל דאָס זעלבע וואָס פאַשיזם ?

די טעאָריע פון אַ פולשטענדיק „פרייען" קאַפּיטאַליזם, פון „לעסע פער", איז באַגרינדעט אויפן געדאַנק, אַז דער אינטערעס פון דעם איינצלנעם פאַלט צוזאַמען מיט דעם אינטערעס פון דער געזעלשאַפט; אַז וואָס עס איז גוט פאַר דעם יחיד איז אויך גוט פאַר דער געזעלשאַפט, וועלכע איז דאָך אייגנטלאַך ניט מער ווי אַן אַגרעגאַט פון אַ סך יחידים. דאָ ניט לאַנג איז מיר אויסגעקומען צו לייענען אין אַ טעקסט־בוך איבער פּאָליטישער עקאָנאָמיע זייער אַן אינטערעסאַנטע פאָרמולירונג פון דעם דאָזיקן געדאַנק. דער געדאַנק ווערט דאָרט ארויסגעבראַכט אין דער פאָרם פון אַ סילאָגיזם: אַזוי ווי יעדער מענש וויל דאָך פאַר־בעסערן זיין אייגענע לאַגע; און אַזוי ווי יעדער יחיד ווייס בעסער ווי ווער־עס־איז אַנדערש ווי צו פאַרווענדן זיין צייט און אַרבעט; און אַזוי ווי דער סכום הכנסה פון דער נאַציע איז פּשוט דער סך־הכל פון די הכנסות פון די איינצלנע, — איז דערפון געדרונגען, אַז דער נאַציאָנאַלער רייכטום קען דערגרייכן דעם העכסטן פּונקט ווען מען ערלויבט יעדן יחיד נאָכצופאָלגן זיין זעלבסט־אינטערעס.

דער סאָציאַליזם, ווי באַוואוסט, נעמט אָן פּונקט אַן

אַנטקעגנגעזעצטע שטעלונג. ער באווייזט מיט פאַקטן פון טאָג־טעגלאכן לעבן ווי אַזוי די פרייהייט פון יעדן יחיד נאָכצופאָלגן זיין זעלבסט־אינטערעס פירט צו דער עקס־פלואַטירונג און פאַרשקלאַפונג פון דעם רוב פון פאָלק, איז אַנטי־סאָציאַל אין זיין מהות און דאַרף דעריבער אָפּ־געשאַפט ווערן.

כאָטש בורזשואַזע אידעאָלאָגן גיבן ניט צו די ריכ־טיגקייט פון דעם סאָציאַליסטישן פּראָגנאָז, און זיי האַלטן זיך פאַרט ביי דעם געדאַנק אַז די געזעלשאפט געווינט, אין לאַנגן סך־הכל, דורך דעם וואָס דער יחיד איז פריי צו טאָן דאָס וואָס זיין זעלבסט־אינטערעס דיקטירט אים, — קענען זיי אָבער ניט פאַרלייקענען, אַז די דאָזיקע סיסטעם לאָזט איבער אויף איר וועג אַן אַ שיעור קרבנות; און כאָטש זיי גלויבן, אַז די קרבנות זיינען גאָרניט לגבי די אַלגעמיינע געזעלשאפטלאכע דערגרייכונגען און געווינסן פון אָט דער סיסטעם, גיבן זיי אָבער צו די נויטווענדיג־קייט צו לינדערן די יסורים פון די אומשולדיקע קרבנות. אמת, די בורזשואַזע אידעאָלאָגן וואָלטן בעסער געוואָלט, אַז די הילף פאַר די געפאַלענע אין דעם שוידערלאכן קאַמף פאַרן שטיקל ברויט זאָל אינגאַנצן איבערגעלאָזט ווערן צו פריוואַטע צדקה־אינסטיטוציעס, אָבער וואָס קאָלאָ־סאַלער די פּראָבלעמען אין שייכות מיט דעם ווערן אַלס רעזולטאַט פון דער אַנטוויקלונג פון דעם קאַפּיטאַליזם, אַלץ מער מוזן זיי מסכים זיין דערצו, ערשטנס, אַז די געזעל־

שאפט אַלס גאַנצע זאָל איבערנעמען די דאָזיקע אויפגאַבע און, צווייטנס, אַז די געזעלשאפט זאָל דורך אַ געוויסן סאָציאַלן קאָנטראָל פּרובירן פאַרמיידן אַ סך פון די גוט־באוואוסטע קאָנסעקווענצן פון דער קאָנקורענץ־סיסטעם אָדער לכל הפּחות זיי מילדערן.

דער געדאַנק פון סאָציאַלער געזעצגעבונג איז צו שאַפן געוויסע כללים און גרעניצן, וועלכע מען זאָל אין דעם ביטערן קאַמף פאַר עקזיסטענץ ניט טאָרן אַריבערטרעטן. הגם אַלס פועל־יוצא פון סאָציאַלער געזעצגעבונג איז דער קאַפּיטאַליזם שוין ניט אַזוי „פריי" ווי עס וואָלט זיך אים געוואָלט זיין, ווערט אָבער די סיסטעם גופא דורך דעם ניט אָנגערירט.

אייגנטלאך איז קיין פולשטענדיק „פרייער" קאַפּיטאַליזם קיינמאָל ניט געווען. שוין ביי דעם סאַמע אָנטשטיין פון קאַפּיטאַליזם, ווען די ערשטע רעזולטאַטן פון קאַפּיטאַליסטישער „פרייהייט" האָבן גלייך אָנגעהויבן שרייען צו די הימלען, זיינען געשאַפן געוואָרן „טיראַנישע" געזעצן אים איינצוצאַמען און צו באַגרעניצן. שוין אַזוי פרי ווי אין יאָר 1802 איז אין ענגלאַנד אָנגענומען געוואָרן דער ערשטער געזעץ צו באַשיצן קינדער־אַרבעטער, וועלכע זיינען געווען די ערגסטע קרבנות פון דעם קאַפּיטאַליזם. יענער געזעץ האָט פאַרגעשריבן, אַז די פאַבריקן זאָלן פון צייט צו צייט אויסגעקאַלכט ווערן און זאָלן ווענטילירט ווערן; אַז די קינדער זאָלן ניט טאָרן אַרבעטן לענגער ווי צוועלף

שעה אין מעת־לעת; אַז עס זאָלן באַזאָרגט ווערן באַזונ־
דערע פלעצער צום שלאָפן פאַר די מיידלאַך און פאַר די
אינגלאַך; אַז מען זאָל אונטעררי‌כטן די קינדער אין
לייענען, שרייבן און אַריפמעטיקע, און אַז יעדעס קינד
זאָל באַקומען איין מאָל אין יאָר אַ קלייד אָדער אַן אַנצוג.
פון די פאַרשריפטן פון געזעץ קען מען זיך שוין פאַר־
שטעלן די טרויעריקע עקזיסטענץ פון יענע אומגליקלאַכע
קינדערלאַך וועלכע דער שיקזאַל האָט אַריינגעוואָרפן אין
די לאַפּעס פון דעם יונגן, פרישן קאַפּיטאַליזם, אָבער וועגן
דעם איז איבעריק מאריך צו זיין.

עס איז אָבער נויטיק אָנצואווייזן, אַז יענער געזעץ
האָט געטראָגן דעם נאָמען „אַ געזעץ וועגן דעם געזונט
און מאָראַל פון לערלינגע". אָט דער נאָמען און דער
גאַנצער גייסט פון געזעץ איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער
גרויסער צאָל אַקטן פון אַרבעטער־געזעצגעבונג ביז גאָר
דער לעצטער צייט. דער הויפּט־מאָטיוו פון די דאָזיקע
געזעצן איז געווען ניט קיין עקאָנאָמישער נאָר אַ „הומאַ־
ניטאַרער"; עס איז פשוט געווען אַ צער־בעלי־חיים צוצו־
זען וואָס פאַר אַ שקלאַפן דער קאַפּיטאַליזם האָט געמאַכט
פון די אַרבעטער, דערוואַקסענע און קינדער, מענער און
פרויען; ווי אַזוי ער פאַרשניידט זייערע יאָרן דורך
גרויזאַם־שווערער און לאַנג־שטונדיקער אַרבעט אונטער
שרעקלאַכע באַדינגונגען, צוליב וואָס זיי הויבן אָן ביס־
לאַכווייז פאַרלירן זייער מענשלאַכן פרצוף. די געזעצ־

געבונג האָט געזוכט צו פאַרהיטן די פשוט׳ע עקזיסטענץ פון די אַרבעטער אַלס מענשלאכע באשעפענישן, כדי זיי זאָלן ניט ארונטערזינקען צום מצב פון חיות. יענע גע־זעצגעבונג איז ניט געקומען אַלס רעזולטאַט פון עקאָנאָ־מישע באטראכטונגען, נאָר גאַנץ אָפט טראָץ זיי. אַפילו די דורכפירונג פון אַ געזעצלאך־פאַרקירצטן אַרבעטס־טאָג איז ניט געקומען צוליעב דעם וואָס די קאַפּיטאַליסטישע עקאָנאָמיק גופא האָט עס געפאָדערט, נאָר איז געקומען אין אָנהויב אַלס רעזולטאַט פון ריין־הומאַניטאַרע אימפּולסן און שפּעטער דורך דעם פאַראייניקטן כח פון דער וואַק־סענדער אַרבעטער־מאַכט און דעם געזעלשאַפטלאכן געוויסן. כאָטש פּאָליטישע עקאָנאָמען האָבן כסדר געהאַלטן אין איין באווייזן, אַז אַן אַרבעטער קען אין 10 שעה אויפטאָן מער ווי אין 12 שעה, האָט מען זיך אין אמת׳ן ניט גערעכנט מיט דעם אינטערעס פון דעם קאַפּיטאַליסט, און אַפילו ניט מיטן אינטערעס פון קאַפּיטאַליזם אַלס עקאָנאָמישע אָרד־נונג, ביים דורכפירן אַזעלכע געזעצן.

ערשט אין דער לעצטער צייט האָט די סאָציאַלע גע־זעצגעבונג גענומען טראָגן אַן אַנדער כאַראַקטער. זי ווערט שוין איצט אַן עקאָנאָמישע נויטווענדיגקייט פאַר דעם קאַ־פּיטאַליזם גופא, כדי ער זאָל קענען ווייטער פונקציאָנירן. די טעכנאָלאָגישע אַרבעטסלאָזיגקייט צווינגט פשוט צו פאַרקלענערן די אַרבעטס־צייט, כדי צו שאַפן אַרבעט פאַר די מיליאָנען אַרבעטער וואָס זיינען ארויסגעשפּיגן געוואָרן

פון די פאַבריקן. צוליב דעם זעלבן טעם וועט מען מוזן וואָס ווייטער, פון איין זייט, העכערן דעם עלטער ווען יונגע מענשן זאָלן אָנפאַנגען אַרבעטן און, פון דער אַנדערער זייט, פאַרקלענערן דעם מאַקסימום עלטער ביז וואַנען זקנים זאָלן מעגן אַרבעטן; און אפשר וועלן מיט דער צייט אויך די פרויען ארויסגענומען ווערן פון דער פראָדוקציע — ארויסגייענדיק ניט פון דעם רעאַקציאָנערן שטאַנדפונקט אַז פרויען טויגן בכלל ניט פאַר קיין אַנדער באשעפטיקונג ווי קאָכן און האָדעווען קינדער, נאָר פון דעם שטאַנד־פונקט אַז מ׳מוז קאָנטראָלירן די פראָפּאָרציע פון אַרבע־טער אין יעדער פאַמיליע, ניט דערלאָזנדיק אַז פון אַ פאַמיליע פון צוויי, צום ביישפּיל, זאָלן ביידע אַרבעטן, בעת אין אַן אַנדער פאַמיליע פון פינף זאָל אַפילו איינער ניט באקומען קיין אַרבעט. און אַפילו די אַזוי גערופענע סאָציאַלע פאַרזיכערונגס־פּראָיעקטן, ווי די סטראַכירונג קעגן אַרבעטסלאָזיגקייט און עלטער, קומען פון דער קאַ־פּיטאַליסטישער עקאָנאָמיק גופא, וועלכע האָט געמאַכט אומזיכער די עקזיסטענץ פון די פאָלקס־מאַסן.

צוליב דעם וואָס דער קאַפּיטאַליזם גופא נויטיקט זיך איצט אין דער דאָזיקער סאָציאַלער געזעצגעבונג כדי זיך צו ראַטעווען פון אונטערגאַנג, האָבן אַ סך ראַדיקאַלן דער־זען אין דער דאָזיקער טענדענץ אַ סימן פון רעאַקציע, אַ פאַרזוך אָפּצושטעלן דעם אָנקום פון סאָציאַליזם, און אַנ־שטאָט אויפצונעמען מיט צופרידנקייט די דאָזיקע רעפאָרמען

זיינען זיי גענויגט זיי גאָר צו פאַרשרייען אַלס פאַשיזם. שוין באַלד הונדערט יאָר אַז סאָציאַליסטן האַלטן אין איין אַגיטירן פאַר סאָציאַלן קאָנטראָל, אָבער ווען מ'הערט ווי אַ סך אולטראַ־ראַדיקאַלןריידן איצט קען מען מיינען, אַז אייגנטלאך זיינען גאָר אַלעמאָל געווען די רעאַקציאָנערן ווען זיי האָבן גע'טענה'ט אַז יעדע סאָציאַלע געזעצגעבונג איז פאַרשקלאַפונג, איז ברוטאַלער צוואַנג מצד דעם שטאַט, — וואָס ווערט אין דער לעצטער צייט באַצייכנט אַלס פאַשיזם.

מיר זעען פאַר זיך היינט־צו־טאָג אַ מאָדנע דערשיינונג. פון איין זייט פאַרשרייען די רעאַקציאָנערן יעדן פּראָגרעסיוון געדאַנק אַלס „קאָמוניזם", און פון דער אַנדערער זייט זיינען צופיל ראַדיקאַלן גרייט צו שטעמפּלען יעדן מין סאָציאַלן קאָנטראָל אַלס „פאַשיזם".ביידע זייגען, נאַטירלאך, אומגערעכט. ביידע זיינען אין דער אמת'ן צוויי זייטן פון איין און דער זעלבער פאַלשער מטבע.

דער הויפּט־פּרינציפּ, אויף וועלכן די סאָציאַלע געזעצגעבונג אין אַ דעמאָקראַטישן שטאַט איז באַזירט, איז אַז דאָס פאָלק איז בארעכטיקט צו חיונה, צו דער מעגלאכקייט צו פאַרדינען אויף חיונה. דער דאָזיקער פּרינציפּ איז אָן ספק אַ פּראָגרעסיווער, זאָגאַר אַ „סאָציאַליסטישער". אַזוי לאַנג ווי דער קאַפּיטאַליזם וועט קענען באַזאָרגן דאָס פאָלק מיט חיונה, וועט ער סיי ווי סיי בלייבן לעבן, וויפיל אַגיטאַציע מ'זאָל ניט פירן קעגן אים; אויב אָבער ער

וועט עס ניט קענען באווייזן, וועט אים ניט העלפן קיין שום זאַך אין דער וועלט און ער וועט מוזן אָפּטרעטן זיין אָרט פאַר אַ קאָלעקטיווער געזעלשאַפטלאַכער אָרדנונג.

אין אַ געוויסן זין קען מען זאָגן, אַז אויך דער פאַשיזם זאָרגט זיך פאַר דער חיונה פון די מאַסן. אָבער חיונה צו חיונה איז ניט גלייך. מ׳קען, למשל, נעמען די זעלבע סומע שכירות וואָס ווערט איצט אויסגעצאָלט און עס פּשוט צוטיילן צווישן אַ גרעסערער צאָל אַרבעטער, געבנדיק אויף אַזאַ אופן באשעפטיקונג די אַרבעטסלאָזע און ניט אָנרירנדיק דערביי די אינטערעסן פון די קאַפּיטאַליסטן. אַזאַ מין פאַרזאָרגונג מיט חיונה איז טאַקע באמת אַ פאַשיסטישע, און דאָס באצוועקט טאַקע דער פאַשיזם. דאָרט אָבער, וואו דאָס פאָלק האָט פּאָליטישע רעכט און די פרייהייט אויסצודריקן זיינע מיינונגען און צו קעמפן פאַר זיי; דאָרט, וואו די וואָס אַרבעטן האָבן די פרייהייט דורך סטרייקס צו באשיצן זייערע לעבנס-סטאַנדאַרד, וועלן די אַרבעטסלאָזע שוין ניט קענען פאַרזאָרגט ווערן מיט חיונה אויפן רעכענונג פון די באשעפטיקטע אַרבעטער. אין אַ דעמאָקראַטישן לאַנד איז דער פּרינציפּ פון חיונה פאַרן פאָלק דער פּראָגרעסיווסטער וואָס מ׳קען נאָר ווינשן, און עס איז פּשוט אַ פאַרברעכן אים אָנצורופן מיטן מיאוס׳ן נאָמען פאַשיזם, אַלץ איינס צי דאָס ווערט געטאָן באַוואוסטזיניק אָדער בלויז דערפאַר ווייל דאָס איז איצט אין דער מאָדע.

# סאָציאַליזם און אינטערנאַציאָנאַליזם

די פאַרבינדונג צווישן סאָציאַליזם און אינטערנאַציאָנאַליזם איז אַ סך אַן עלטערע ווי די פאַרבינדונג צווישן סאָציאַליזם און מאַרקסיזם. זי איז אַזוי אַלט ווי דער סאָציאַליזם גופא. אידייאיש זיינען זיי ביידע אָן ספק ניט־צוטיילבאַר. דער הויפט־געדאַנק פון סאָציאַליזם איז, אַז יעדער מענש וואָס לעבט אויף דער וועלט איז בארעכטיקט צו אַ חשוב'ן לעבן גלייך מיט אַלע אַנדערע מענשן — און דאָס שליסט איין בוכשטעבלאַך יעדן איינציקן מענשן, אין וועלכן לאַנד אָדער וועלט־טייל ער זאָל ניט האָבן געבוירן געוואָרן, פון וועלכער ראַסע ער זאָל ניט שטאַמען, צו וועלכער נאַציע ער זאָל ניט געהערן. דאָס איז באמת דער העכסטער אינטערנאַציאָנאַליזם, וואָס מ'קען זיך נאָר פאָרשטעלן. אידייאיש איז אַלזאָ סאָציאַליזם און אינטערנאַציאָנאַליזם איינס און דאָס זעלבע. פּראַקטיש אָבער מוז סיי דער קאַמף פאַר דעם סאָציאַליזם און סיי יעדער פאַרזוך אים דורכצופירן געפירט ווערן אין געוויסע געאָגראַפישע גרעניצן, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר באשטימטע לענדער מיט באשטימטע מלוכה־אַפּאַראַטן, וואָס דאָס מיינט אַז זיי מוזן געפירט ווערן אויף אַ נאַציאָנאַלן אַנשטאָט אויף אַן אינטערנאַציאָנאַלן מאַסשטאַב, און זיי ווערן און מוזן

ווערן באווירקט פון נאַציאָנאַלע מאָמענטן און שטימונגען אָנשטאָט פון אינטערנאַציאָנאַלע.

ווי וויכטיק אַ אידייע זאָל ניט זיין, האָט זי אָבער ניט קיין פראַקטישן ווערט סיידן עס ווערן געפונען די קאָנ־קרעטע מיטלען און וועגן ווי אַזוי איר צו פאַרווירקלאכן. דאָס איז אמת ניט בלויז אין געזעלשאפטלאכע פראַגן נאָר אויך אין אַנדערע געביטן.

אַרכימעד האָט אַמאָל געזאָגט, אַז ער וואָלט זייער גרינג געקענט מאַכן אַזאַ מאַשין (אַ „לעווער")׳ מיט וועלכן אַ מענש זאָל מיט איין האַנט קענען אויפהויבן דעם גאַנצן ערד־קוגל, ווען . . . ווען ער זאָל נאָר האָבן אַ האַקן (אַ „פאָלקראָם") אויסער דער ערד, אָן וועלכן ער זאָל קענען אָנטשעפען אָט די מאַשין. אַזוי לאַנג אָבער ווי אַזאַ האַקן אויסער דער ערד איז ניטאָ, האָט דער גאַנצער מאַטעמאַ־טישער חשבון וועגן דער אידייע פון דער מאַשין קיין שום ווערט ניט.

גענוי דאָס זעלבע איז מיט דעם סאָציאַליזם. די סאָציאַליסטישע אידייע האָט נאָר אַ ווערט אויף אַזוי ווייט ווי מ׳קען געפינען אַ פראַקטישן וועג ווי אַזוי איר דורכ־צופירן אין לעבן. פראַקטיש דורכפירן דעם סאָציאַליזם קען מען ניט אין אַן אַבסטראַקטער וועלט אָדער מענש־הייט, נאָר אין די גרעניצן פון עקזיסטירנדיקע לענדער און מלוכה־אַפּאַראַטן, וואָס זיינען דער איינציקער „האַקן"

אָן וועלכן די סאָציאַליסטישע „מאַשינקע" קען אָנגעטשע־פּעט ווערן.

וואָס דער סאָציאַליסטישער ענדציל זאָל ניט זיין, מוז זיין פּראַקטישער וועג זיין אַ נאַציאָנאַלער; און וויבאַלד דער פּראַקטישער וועג פון סאָציאַליזם קען ניט זיין קיין אַנדערער ווי אַ נאַציאָנאַלער, מוז ער שוין במילא זיך אויסדריקן אין נאַציאָנאַלע פאָרמען, מוז ער אָפּערירן מיט יענע נאַציאָנאַלע רייכטימער, סיי מאַטעריעלע און סיי קולטורעלע, וואָס ער געפינט אין די גרעניצן פון די געגעבענע לענדער, און ניט מיט יענע וואָס געפינען זיך אויסער זייערע גרעניצן.

***

יעדער שריט איינצופירן פּלאַנמעסיגקייט און אָרדנונג אין דער געזעלשאַפט האָט די טענדענץ צו פאַרקלענערן די צאָל נוצלאָזע האַנדלס־טראַנסאַקציעס ניט נאָר אין לאַנד גופא נאָר אויך מיט אויסלאַנד. פּונקט ווי אַ גרויסע צאָל טראַנסאַקציעס אין דעם אינלענדישן האַנדל שטעלן מיט זיך פאָר אַ פאַרשווענדונג פון מענשלאַכער אַרבעט אויף גאָרניט, ווי בעת אַן אַרטיקל ווערט, צום ביישפּיל, פאַר־קויפט עטלאַכע מאָל איידער ער דערגרייכט דעם קאָנ־סומענט, — אַזוי איז אויך אַ גרויסער טייל פון דעם אויסלענדישן האַנדל בלויז אַ פאַרשווענדונג פון געזעל־שאַפטלאַכער ענערגיע. טעאָרעטיש איז דער אויסטויש פון סחורות צווישן צוויי לענדער אַ געווינס פאַרביידע לענדער.

טעאָרעטיש דאַרף דער אויסטויש פון סחורות צווישן לענ־
דער פאָרקומען, ערשטנס, דעמאָלט ווען איין לאַנד האָט
אַ שפע פון געוויסע פראָדוקטן אַ דאַנק קלימאַטישע אָדער
טאָפּאָגראַפישע באַדינגונגען בעת אַנדערע לענדער האָבן
זיי ניט, און, צווייטנס, דעמאָלט ווען איין לאַנד איז אַזוי
ספּעציאַליזירט אין דער אויסאַרבעטונג פון געוויסע פּראָ־
דוקטן אַז עס דויערט דאָרט אַ סך ווייניקער צייט צו שאַפן
די פּראָדוקטן ווי אין אַן אַנדער לאַנד. טאַטזעכלאַך אָבער
ווערט דער אויסלענדישער האַנדל געפירט אַזוי כאַאָטיש
און אָן אָרדנונג ווי דער אינלענדישער האַנדל. גאַנץ אָפט
ווערן באַצויגן פון אַן אַנדער לאַנד פּראָדוקטן, וועלכע
מ׳קען באַקומען גלייך אונטער דער נאָז. גאַנץ אָפט ווערן
פאַרקויפט אויסלענדישע פּראָדוקטן ניט קיין בעסערע ווי
היימישע, מיט העכערע פּרייזן, צוליב דעם וואָס דער אויס־
לענדישער פּראָדוקט איז בעסער רעקלאַמירט א. א. וו.
גאָר אַ גרויסער טייל פון דעם אויסלענדישן האַנדל קומט
פאָר דערפאַר, וואָס אונטער דער קאָנקורענץ־סיסטעם האַלט
יעדע פירמע בסוד די נייע פּראָצעסן און כעמישע פאָר־
מולעס וואָס זי האָט אַנטוויקלט. אָבער ווען זיי פאַרעפנט־
לאַכן דעם סוד וואָלט מען דעם זעלבן פּראָדוקט געקענט
פּונקט אַזוי גוט און אַזוי ביליק פּראָדוצירן אין דעם לאַנד
וואָס אימפּאָרטירט אים און די אַרבעט פון טראַנספּאָרטאַציע
וואָלט געקענט געשפּאָרט ווערן.

אָט אַזאַ מין סחורות־אויסטויש איז פון דעם ריינעם

שטאַנדפּונקט פון עקאָנאָמיע פון מענשלאַכער אַרבעט אַ געזעלשאַפטלאַכער ניוועץ. אין אַ סאָציאַליסטישער געזעל־שאַפט וועט אָט אַזאַ מין אויסטויש אינגאַנצן אָפּגעשטעלט ווערן. אין אַ געזעלשאַפט, וואו ניט פּראָפיט וועט זיין די טרייב־קראַפט פון דער פּראָדוקציע, וועלן אויסגעבעסערטע פּראָצעסן און כעמישע פאָרמולעס ניט געהאַלטן ווערן בסוד נאָר וועלן פאַרעפנטלאַכט ווערן פאַר דער גאַנצער וועלט. אַנשטאָט אויסצוטוישן פאַרשיידענע סחורות וועלן אין אַ סאָציאַליסטישער אָרדנונג די לענדער זיך אויסטוישן מיט קאָמיסיעס, וואָס וועלן איינע ביי דער אַנדערער אויסגע־פינען ווי אַזוי צו פּראָדוצירן ביי זיך פּונקט אַזעלכע גוטע פּראָדוקטן און פּונקט אַזוי שנעל, וואָרים קיין לאַנד וועט דעמאָלט ניט האָבן דעם מינדעסטן אינטערעס עפּעס צו פאַרבאָרגן פון אַן אַנדער לאַנד.

אויף אַזאַ אופן זעען מיר, אַז אַ געפּלאַנטע ווירטשאַפט מוז פירן צו דער פאַרקלענערונג פון אויסלענדישן סחורות־אויסטויש.

ביי דעם דאָזיקן געדאַנק ווערט מען אַביסל דערשראָקן און מ'פרעגט זיך: צי וועט אַזאַ אַנטוויקלונג ניט באַדייטנד פאַרשמעלערן דעם מענשלאַכן אויסבליק אויף דער וועלט? אין דער פאַרגאַנגענהייט זיינען מענשן געוואָרן ברייטער, וועלטלאַכער, טאָלעראַנטער אין דירעקטער פּראָפּאָרציע צו זייער פאַרקער מיט אַנדערע לענדער. פון דער געשיכטע לערנען מיר, אַז דערגרייכט די העכסטע שטופע פון ציווי־

ליזאַציע האָבן אַלעמאָל יענע פעלקער וועלכע האָבן זיך געפונען ביי די גרויסע נאַטירלאַכע וועגן פון צווישן־לענ־דישן פאַרקער, ביי די גרויסע טייכן און ימים. אין די גרעניצן פון איין און דעם זעלבן לאַנד גופא זיינען אַלע־מאָל געווען מער ציוויליזירט און וועלטלאַך יענע טיילן פון לאַנד וואָס האָבן זיך געפונען ביי אָט די „אָדערן פון קאָמערץ". אין פאַרצייטיקן גריכנלאַנד, דאָס קלאַסישע לאַנד פון אונזער ציוויליזאַציע, צוםביישפיל, איז אויך בלויז יענער טייל געווען הויך־אַנטוויקלט, וואָס האָט זיך געפונען ארום דעם עגייאישן ים, בעת דער פעלאָפינע־זישער טייל און דאָס הינטערלאַנד בכלל איז געווען פאַר־העלטניסמעסיק צוריקגעשטאַנען. און ניט נאָר אין ציווי־ליזאַציע נאָר אויך אין מענשלאַכקייט שטייען אַלעמאָל העכער יענע פעלקער, וואָס געפינען זיך ביי ימים. יעדן מאָל ווען איך לייען, ווי אַזוי בלוט־הינט פאַרלירן דעם סליאַד פון אַ פאַרברעכער, ווען זיי יאָגן נאָך, אַזוי שנעל ווי זיי קומען צו אַ וואַסער, קומט מיר אין קאָפּ דער געדאַנק, אַז אויך די פעלקער זיינען אַזוי ווי בלוט־הינט; אַז אויך זיי פאַרלירן דעם חוש פאַר דעם וואָס די נאַצים רופן „ערד און בלוט" ווען זיי קומען צו אַ וואַסער.

ס'איז אָבער ניטאָ וואָס מורא צו האָבן, אַז מיט דער פאַרקלענערונג פון דעם סחורות־אויסטויש צווישן לענדער וועלן די פעלקער צוריקגעשליידערט ווערן צו אַ צושטאַנד פון ענגער איזאָלאַציע און אָפּגעשלאָסנקייט. ניט סחורות־

אויסטויש איז אין אמת'ן דער באַדינג פאַר דערנענטערונג צווישן לענדער, נאָר פאַרקער. ס'איז אמת, אַז אין דער פאַרגאַנגענהייט איז סחורות־אויסטויש געווען די הויפּט־סיבה פון פאַרקער, אָבער מיר קענען זיך גאַנץ גוט פאָר־שטעלן אין דער צוקונפט אַ גוואַלדיק־גרויסן פאַרקער צווישן פעלקער אָן אַ גרויסן סחורות־אויסטויש.

עס איז ניטאָ וואָס מורא צו האָבן, אַז אַ פאַרקלע־נערטער סחורות־אויסטויש צווישן פעלקער אונטער אַ סאָ־ציאַליסטישער געזעלשאַפט־אָרדנונג וועט דערווייטערן אָדער אָפּפרעמדן די פעלקער. אָבער, יעדנפאַלס, אַז מ'האַלט אָפּן די אויגן, מוז מען אַנערקענען, אַז יעדע פּלאַנירונג אין דער ווירטשאַפט מוז נויטווענדיקערווייז פירן אין דער ריכטונג פון עקאָנאָמישן נאַציאָנאַליזם.

***

אויב די הנחה, אַז דער סאָציאַליזם קען פּראַקטיש פאַרווירקלאכט ווערן נאָר אין נאַציאָנאַלן מאַסשטאַב, איז אַ ריכטיקע, — איז דערפון צו דרינגען, אַז ניט נאָר דאַרף דער קאַמף פאַר'ן סאָציאַליזם געפירט ווערן אַנדערש אין פאַרשיידענע לענדער, לויט די פאַרשיידענע אומשטענדן אין זיי, נאָר אַז נאָכדעם ווי דער סאָציאַלים וועט שוין איינגעפירט ווערן אין מערערע לענדער וועלן אָט די לענ־דער ווייטער פירן זייער אויסלענדישע פּאָליטיק אין די אינטערעסן פון זייערע אייגענע לענדער, ניט רעכענענדיק זיך אָפט מיט די אינטערעסן פון אַנדערע לענדער דאָרט

וואו זיי קומען אין אַ ווידערשפּרוך מיט די אינטערעסן פון זייערע אייגענע לענדער.

געוויס מיינט דאָס ניט, און קען ניט מיינען, אַז סאָציאַליסטישע מלוכות וועלן ווייטער אָנפירן די אימפעריאַליסטישע פּאָליטיק פון זייערע קאַפּיטאַליסטישע פאָרגענגער; אַז זיי וועלן ווייטער האַלטן אונטער זייער קנאַפּל יענע אונטערדריקטע ראַסן און פעלקערשאַפטן, וועלכע זיי האָבן באַקומען אַלס „נאַציאָנאַלע ירושה” פון דעם אימפּעריאַליזם. דאָס איז אומדענקבאַר אונטער אַ סאָציאַליסטישער אָרדנונג. אַן אָרדנונג, וואָס שאַפט אָפּ די עקספּלואָטאַציע פון איין מענטשן דורך אַן אַנדערן, קען ניט צולאָזן דעם געדאַנק פון עקספּלואַטירן אַנדערע פעלקער, — און זי נויטיקט זיך אויך ניט אין דעם.

עס איז אָבער פאַראַן אַן אַנדער וועג, אויף וועלכן אַ נאַציאָנאַלע אָדער זאָגאַר נאַציאָנאַליסטישע פּאָליטיק קען געפינען איר אויסדרוק, חוץ עקספּלואָטאַציע. די פעלקער פון דער וועלט געפינען זיך אויף פאַרשיידענע באָדנס. אייניקע באָדנס זיינען רייך אין נאַטירלאַכע רייכטימער און אַנדערע אָרימער. די באַפעלקערונג אין איין לאַנד איז געדיכטער ווי די באַפעלקערונג אין אַן אַנדער לאַנד. אָפּילו דאָרט וואו עקספּלואַטאַציע איז אָפּגעשאַפט הענגט דער וואוילשטאַנד פון פאָלק אויך אָפּ אָן דער רייכקייט פון דעם באָדן וואָס ער באַוואוינט. עס קען דעריבער געמאָלט זיין, — ניין, מיר דוכט אַז עס וועט מוזן אַזוי זיין, — אַז

אויך אין אַ סאָציאַליסטישער וועלט זאָלן אין פאַרשיידענע לענדער עקזיסטירן פאַרשיידענע לעבנס־סטאַנדאַרדס, און אַז זיי זאָלן אַמאָל פירן צו סכסוכים אויב ניט צו צוזאַמענשטויסן.

אויבערפלעכלאַך קען זיך אויסדוכטן, אַז אין אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט קען גאָר אַזוינס ניט פאָרקומען. יעדערער וועט דאָך זיין פאַרפליכטעט צו אַרבעטן, און אַזוי לאַנג ווי ער אַרבעט פאַרדינט ער דאָך זיין אויסקומעניש און פאַלט קיינעם ניט צו־לאַסט — טאָ וואָס פאַר אַן אונטערשייד איז צי יענער יחיד געהערט צום אייגענעם לאַנד אָדער צו אַ פרעמדן? דאָס איז אָבער נאָר אַזוי אויבערפלאכלאַך.

לאָמיר נעמען אַלס ביישפּיל רוסלאַנד פון איין זייט און יאַפּאַן און כינע פון דער אַנדערער זייט. אין פלוג פרעגט זיך די קשיא: פאַר וואָס זאָל רוסלאַנד, וועלכע האָט אַ שיטערע באַפעלקערונג, ניט עפענען אירע גרעניצן פאַר די יאַפּאַנעזער און כינעזער, וועלכע האָבן אַ געדיכטע באַפעלקערונג? אָבער אַפילו ווען יאַפּאַן און כינע וועלן שוין זיין סאָציאַליסטישע לענדער, וועט עס רוסלאַנד טאָן נאָר אַזוי לאַנג ווי זי וועט האָבן אינגאַנצן ניט־באַזעצטע לאַנד־שטרעקעס, און אַזוי לאַנג ווי דאָס וועט ניט אַנרירן דעם לעבנס־סטאַנדאַרד פון אירע אייגענע פאָלקס־מאַסן. כל זמן די מענשן וועלן זיך ניט אויסלערנען צו באַנוצן די ענערגיע פון דער זון, וועט זייער וואוילזיין אָפּהענגען פון

דער רייכקייט פון דעם באָדן וועלכן זיי באוואוינען; און אַזוי לאַנג ווי דאָס וועט זיין אַזוי, מוז קומען אַ פונקט ווען דער איינפלוס פון מענשן פון אַנדערע לענדער קען אַנ־רירן דעם וואוילזיין פון דער אָרטיקער באפעלקערונג, און זיי וועלן ניט מסכים זיין דערצו.

אָדער נעמט די פאַראייניקטע שטאַטן. קען מען דער־וואַרטן, אַז אַ סאָציאַליסטישע אַמעריקע וועט עפענען ווייט און ברייט אירע טויערן פאַר די יאַפּאַנעזער און כינעזער? איך גלויב, אַז ניט. זי וועט עס ניט טאָן צוליב מער ווי איין אורזאַך — צוליב ראַסישע, קולטורעלע, אָבער אויך צוליב עקאָנאָמישע אורזאַכן. זי וועט פשוט ניט וועלן זיך טיילן מיט איר רייכן באָדן מיט מענשן פון אַנדערע לענ־דער אָדער קאָנטינענטן. עס איז דערצו נאָך מעגלאָך, אַז אין אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, וואו יעדער איינער וועט האָבן אַ גלייכן חלק אין דעם נאַציאָנאַלן רייכטום, וועט אָט דער נאַציאָנאַליסטישער שטאַנדפּונקט זיין נאָך מער פאַרשפּרייט צווישן פאָלק ווי איצט. פונקט ווי די מאַסן זיינען מער פאַטריאָטיש געשטימט אין דעמאָקראַטישע לענדער, וואו זיי האָבן אַ דעה אין דער פּאָליטיק פון לאַנד, אַזוי וועלן די מאַסן אין אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט זיין מער פאַראינטערעסירט אין דעם נאַציאָנאַלן רייכטום, וואָרים זיי וועלן דאָך דעמאָלט זיין גלייכע שותּפים אין אים.

עס איז שווער פאָראויסצוזען די צייט, ווען די וועלט וועט אָננעמען איין־איינציקן לעבנס־סטאַנדאַרד פאַר דער

גאַנצער מענשהייט — פאַר דעם הינדוס, כינעזער, אַפרי־קאַנער און אויסטראַליער, ווי פאַר דעם אייראָפּייער, ענג־לענדער און אַמעריקאַנער; ווען איין לאַנד וואָס האָט שפּע וועט אַוועקגעבן אַ טייל פון איר רייכטום צו אַן אַנדער לאַנד ניט באַקומענדיק דערפאַר קיין גלייכווערט פון מענש־לאַכער אַרבעט. דעריבער איז מעגלאַך און וואַרשיינלאַך, אַז ניט נאָר וועלן פאַרשיידענע לענדער האָבן אַנדערע לעבנס־סטאַנדאַרדס, נאָר אויך פאַרשיידענע אַרבעט־סטאַנ־דאַרדס; אַז אין לענדער מיט אַן אָרימערן באָדן וועלן מענשן מוזן אַרבעטן לענגערע שטונדן איידער אין לענדער מיט אַ רייכערן באָדן.

ווי ווייט מ'קען איצט פאָראויסזען, וועט דער סאָציאַ־ליזם לאַנגע, לאַנגע דורות זיך מוזן באַנוגענען מיט דעם ציל אָפּצושאַפן עקספּלואַטאַציע אין די גרעניצן פון באַ־זונדערע לענדער. דעריבער איז מען בארעכטיקט צו זאָגן, אַז הגם אידייאיש איז סאָציאַליזם אידענטיש מיט אינטער־נאַציאָנאַליזם, איז אָבער סאָציאַליזם אין דער פּראַקטיק נאַציאָנאַל.

***

דערמאָנט מען נאָר די ווערטער „נאַציאָנאַלער סאָ־ציאַליזם" קומט גלייך אין געדאַנק היטלערס „נאַציאָנאַ־לער סאָציאַליזם". פאַרשטייט זיך, אַז ניט דאָס האָב איך אין זינען ווען איך רעד פון נאַציאָנאַלן סאָציאַליזם. היט־לער'ס סאָציאַליזם איז אין אמת'ן ניט מער ווי אַ שווינדל;

דאָס האָט ער גע׳גנב׳עט דעם סאָציאַליסטישן נאָמען כדי אָפּצונאַרן די מאַסן און ניט דערלאָזן אָפּשאַפן עקספּלואַטאַציע פון איין דייטש דורך אַן אַנדער דייטש. דאָס איז פונקט דער היפּוך פון סאָציאַליזם — אויך פון נאַציאָנאַלן סאָציאַליזם. אָבער יענער סאָציאַליזם, וואָס שטעלט זיך טאַקע באמת אַלס ציל אָפּצושאַפן עקספּלואַטאַציע אין די גרעניצן פון איין לאַנד, איז פונקט אַזאַ גוטער און עכטער סאָציאַליזם ווי אַ סאָציאַליזם וואָס רעדט אין נאָמען פון אינטערנאַציאָנאַליזם.

## די זעלבסטשטענדיגקייט פון דער געווערק־שאפטלאכער באוועגונג

ניט בלויז קאָמוניסטן נאָר רעוואָלוציאָנערע סאָציאַ־ליסטן בכלל גלויבן, אַז יעדן טאָג, יעדער מינוט קען אויסברעכן די סאָציאַלע רעוואָלוציע. דער גראַד פון אָט דעם גלויבן איז, פאַרשטייט זיך, פאַרשיידן ביי פאַרשיידענע ריכטונגען, אָבער ער איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלע רעוואָלוציאָנערע שאַטירונגען אין סאָציאַליזם, און די טאַק־טיק זייערע פליסט ארויס פון אָט דעם גלויבן.

לויט דעם דאָזיקן בליק, — אַלץ איינס צי ער איז אַ באוואוסטזיניקער אָדער ניט, — איז די אַרבעטער־באווע־גונג די אַקטיווע אַרמיי פון דער רעוואָלוציע, דער אַוואַנ־גאַרד אירער. עס איז אַן אַרמיי, וואָס קען יעדן טאָג, יעדע מינוט דאַרפן מאַרשירן צום קאַמף, צום ענדגילטיקן קאַמף. די פאַרשיידענע טיילן פון דער אַרבעטער־באווע־גונג זיינען ניט מער ווי אָפּטיילונגען פון איין גרויסער רעוואָלוציאָנערער אַרמיי, פון וועלכער דער צענטראַל קאָ־מיטעט פון דער פאָליטישער פאַרטיי איז דער גענעראַל־שטאָב.

אין אַן אַרמיי איז לעכערלאך צו טראַכטן וועגן דער פרייהייט אָדער זעלבסטשטענדיגקייט פאַר אירע טיילן; די

דיסציפּלין מוז זיין אַן אייזערנע און די אויטאָריטעט פון גענעראַל־שטאַב אַן אַבסאָלוטע.

דאָס הייפּל רעוואָלוציאָנערע סטראַטעגיקער גלויבט, אַז זי האָט דאָס רעכט אויסצואיבן אַ דיקטאַטאָרישע השגחה און מאַכט איבער אַלע טיילן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג — פאַרשטייט זיך, ניט צוליב פּערזענלאַכע מאָטיוון, נאָר אין די אינטערעסן פון יענער היסטאָרישער ראָליע וואָס די אַרבעטער־באַוועגונג דאַרף, לויט זייערע חשבונות, שפּילן אין דער רעוואָלוציע.

האָט מען אין זינען, אַז אָט דער סטראַטעגישער פּלאַן פון רעוואָלוציע־מאַכעריי איז געבוירן געוואָרן אין אַזעלכע לענדער ווי דייטשלאַנד און רוסלאַנד, וואו דער מיליטע־רישער געדאַנק און דער צענטראַליסטישער מלוכה־פּרינציפּ איז געווען דער הערשענדער, — קען מען גרינג פאַר־שטיין, ווי עס קומט, וואָס די סאָציאַליסטישע באַוועגונג איז אַזוי רייך אין מיליטערישער טערמינאָלאָגיע און טאָטאַ־ליטאַרישע מלוכה־טענדענצן.

וויל איך זיך דאָ ניט אריינלאָזן אין דער פראַגע, צי די דאָזיקע טאַקטיק איז אַ ריכטיקע פאַר די סאָציאַליס־טישע באַוועגונגען פון די אַלטע אייראָפּעאישע לענדער, וועלכע זיינען נאָך עד היום אונטער דעם איינפלוס פון מיליטאַריסטישע און אויטאָקראַטישע אידייען. אָבער פאַר אַזעלכע דעמאָקראַטישע לענדער ווי ענגלאַנד און די פאַר־איייניקטע שטאַטן, וואו די פּרינציפּן פון לאָקאַלער זעלבסט־

פּאַרוואַלטונג און פון פּריוויליקער קאָאָפּעראַציע זיינען אריין אין בלוט און פלייש פון די פעלקער, פּאַסן זיך כלל ניט צענטראַליסטישע און טאָטאַליטאַרישע באוועגונגס־פאָרמען.

אַגב, קומט דאָ צו נאָך אַ מאָמענט. אין די אייראָ־פּעאישע לענדער זיינען די געווערקשאַפטלאכע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס געבויט געוואָרן הויפּטזעכלאך דורך די סאָ־ציאַליסטן. אין יענע לענדער, וואו די אַרבעטער האָבן ניט געהאַט דאָס רעכט זיך צו אָרגאַניזירן, האָט די סאָ־ציאַליסטישע באוועגונג זיי אָרגאַניזירט אומלעגאַל און האָט אויסגעקעמפט פאַר זיי דאָס רעכט צו זיין אָרגאַניזירט לעגאַל. עס איז דעריבער פאַרשטענדלאך, פאַרוואָס די דאָרטיקע סאָציאַליסטן באטראכטן זיך פאַר די אָפּעקונעס פון דער אַרבעטער־באוועגונג. אָבער אין אַמעריקע און ענגלאנד איז די אַרבעטער־באוועגונג אויפגעקומען פון זיך אַליין, דורך דער לעבנס־נויט, און ניט דורך דער אָרגאַ־ניזירונגס־טעטיגקייט פון סאָציאַליסטן. אין ענגלאַנד און אַמעריקע זיינען אַנטשטאַנען יוניאָנס גלייכצייטיק מיט דעם ערשטן בלאָז פון פאַבריק־קוימען — נאָך איידער עס איז דאָרט געווען אַ סאָציאַליסטישע באוועגונג. עס איז דערי־בער נאַטירלאך, אַז די אַרבעטער־באוועגונג אין די דאָזיקע לענדער זאָל זיך שטעלן אַנטקעגן יעדן פּאַרזוך מצד די סאָציאַליסטן צו באַלעבאַטעווען איבער איר.

די טיפערע אורזאַך אָבער, פאַרוואָס די יוניאָנס שטעלן

ארויס אַזאַ האַרטנעקיגן ווידערשטאנד קעגן זייער רעוואָ־לוציאָנערער קאָאָרדינירונג און גלייכשאַלטונג, ליגט אין דעם סאַמע עצם, אין דער סאַמע נאַטור פון דער געווערק־שאַפטלאכער באוועגונג, וואָס איז ניט און קען ניט זיין אין איר פּראַקטיק קיין עקסטרעם־רעוואָלוציאָנערע און מוז זיין אַ קאָמפּראָמיסלאכע.

אַלץ איינס וואָס עס זאָל ניט זיין די היסטאָרישע ראָלע פון דער געווערקשאפטלאכער באוועגונג אין דעם קאַמף פאַר דער אָפּשאַפונג פון לוין־שקלאַפעריי, — איר טאָג־טעגלאכע פּראַקטיק אָבער מוז באשטיין פון כסדר׳־דיקער צופּאַסונג און קאָמפּראָמיס.

די ספּעציפישע פונקציע פון דער טרייד־יוניאָן איז אויסצוקעמפן בעסערע אַרבעטס־ און לעבנס־באַדינגונגען פאַר די אַרבעטער ניט ווען־עס־איז אין דער צוקונפט, נאָר אין דער איצטיקער, רעאַלער וועלט; אין אַ וועלט וואו די אינדוסטריען באַלאַנגען ניט צו קהל אָדער צו די אַר־בעטער, נאָר צו די באַלעבאַטים. אין יענעם מאָמענט, ווען אַן אַרבעטער־פירער זעצט זיך אַוועק פאַרהאַנדלען מיט באַלעבאַטים, אַנערקענט ער זיי איפּסאָ־פאַקטאָ אַלס די באַלעבאַטים פון דער אינדוסטריע, אַנערקענט ער זייער רעכט אויף קאָנטראָל, פּראָפיט א. א. וו. און אַזוי לאַנג ווי די אַרבעטער זיינען נאָך ניט שטאַרק גענוג צו קענען צונעמען די אינדוסטריען, קען עס גאָר אַנדערש ניט זיין.

רעוואָלוציאָנערן פאַרגלייכן די דאָזיקע פאַרהאַנדלונגען

צו דערוויילִיקע וואַפּנשטילשטאַנד־פאַרהאַנדלונגען צווישן צוויי פיינטלאַכע אַרמייען. אָבער אַזאַ פאַרגלייך, אויב ער איז בכלל ריכטיק, איז בלויז אמת אין אַ היסטאָרישן זין. אין דער טאָג־טעגלאַכער פּראַקטיק הערן קיינמאָל ניט אויף די פאַרהאַנדלונגען צווישן יוניאָנס און באַלעבאַטים. און בעת די פירער האַנדלען מיט די באַלעבאַטים, מוזן זיי כסדר האַלטן אין זינען, אַז פון זייער טאַקט און פעאיגקייט דורכצוקומען מיט די באַלעבאַטים הענגען אָפּ ממשות׳דיקע זאַכן פאַר די אַרבעטער. זיי קענען זיך דעריבער ניט פאַרגינען צו ריידן צו די באַלעבאַטים ווי צו שונאים, מיט וועלכע מען קען בשום אופן ניט קומען צו קיין קאָמפּראָ־מיס, — ווי דער פירער פון אַ רעוואָלוציאָנערער פּאָלי־טישער פּאַרטיי קען דאָס.

דער כלי־זיין הינטער דעם אַרבעטער־פירער איז טאַקע אַלעמאָל די אָרגאַניזירטע מאַסע — אָן איר וואָלטן די באַלעבאַטים מיט אים גאָר אינגאַנצן ניט פאַרהאַנדלט; די רייד פון דעם אַרבעטער־פירער האָבן אַ האַפּט נאָר אַזוי לאַנג ווי די אַרבעטער הינטער אים זיינען גרייט צו פירן אַ קאַמף פאַר זיי. אָבער דער דערפאָלג פון דעם פירער הענגט אַ סך אָפּ פון זיין פעאיגקייט צו פאַרהאַנדלען מיט די באַלעבאַטים און צו באַקומען פון זיי הנחות אָן אָפענע קאַמפן.

ווער איז אַ דערפאָלגרייכער אַרבעטער־פירער? גע־וויס ניט יענער „רעוואָלוציאָנער", וואָס קומט צו די באַלע־

באַטים און זאָגט זיי:־ „מאָרגן וועלן מיר ביי אייך די אינדוסטריען אינגאַנצן צונעמען. דערווייל אָבער לאָזן מיר אייך נאָך שאַלטעווען איבער דער אינדוסטריע. און אויב איר ווילט ניט קריגן איבער דער מאָרדע, טאָ גיט אונז בעסער נאָך וואָס מיר ווילן". עס זיינען געוויס פאַראַן אויך אַזעלכע פירער אין אונזערע אידישע יוניאָנס, וואו די רעוואָלוציאָנערע פראַזע איז אַ חשוב'ער תושב און זי קען ברענגען אַפּלאָדיסמענטן. אָבער די ממשות'דיקע אויפטואונגען פאַר די אַרבעטער ווערן דערגרייכט ניט דורך זיי, נאָר דורך אַנדערע פירער, וואָס ווייסן יאָ ווי אַזוי צו ריידן מיט באַלעבאַטים.

און ניט נאָר מיט די באַלעבאַטים מוזן די יוניאָנס כסדר דורכקומען, נאָר אויך מיט די פּאָליטישע הערשער. ניט איין סטרייק גייט פאַרלוירן צוליב דער פיינטלאכער באַציאונג צו אים פון דער פּאָליציי און פון דער רעגירונג בכלל. כדי צו געווינען אַ סטרייק איז אָפט נויטיק צו האָבן, אויב ניט די פריינטשאַפט, איז לפּחות די נייטראַ־ליטעט פון דער פּאָליציי, פון די געריכטן א. א. וו.

אַזוי לאַנג ווי די יוניאָנס מוזן אָנקומען צו דער לאָסקע פון פּאָליטישנס, געפינען זיי זיך כמעט אין יעדער וואַל־קאַמפּאַניע פּנים אל פּנים מיט דעם פּראָבלעם פון „באַ־לוינען פריינט" דורך שטיצן זייער קאַנדידאַטור און פון „באַשטראָפן שונאים" דורך אַגיטירן קעגן זיי. ניט נאָר „פּיור ענד סימפּל" יוניאָנס, ד. ה. אַזעלכע וואָס גלויבן

אינגאנצן ניט אין דער ראטזאמקייט פון זעלבסטשטענ־
דיקער פאליטישער אקציע, האבן פאר זיך דעם דאזיקן
פראבלעם, נאר אויך אזעלכע יוניאנס וואס גלויבן יא אין
אזא אקציע. די לעצטע וואלטן געוויס געוואלט, אז פונקט
ווי די באלעבאטים האבן מורא פאר דער ארגאניזירטער
עקאנאמישער מאכט פון די ארבעטער, זאלן די דינער און
באשיצער פון דעם עקאנאמישן סטאטוס־קווא ציטערן אויך
פאר דער פאליטישער מאכט פון דער ארבעטערשאפט.
אבער דארט וואו אזא מאכט איז נאך ניט קריסטאליזירט
געווארן, אדער איז ניט ממשות'דיק גענוג צו האבן כאטש
די מינדסטע מעגלאכקייט צו דערוויילן אייגענע קאנדי־
דאטן, — דארטן מוזן אפילו אזעלכע יוניאנס שטיצן
אמאל א פאליטישן פריינט זייערן פון א קאפיטאליסטישער
פארטיי.

דערביי שפילט די הויפט־ראלע, פארשטייט זיך, ניט
די אפצאלונג פון א חוב, די „באלוינונג פון א פריינט",
נאר די ווארנונג צו אנדערע פאליטישנס, אין דער צו־
קונפט ניט צו אנטאגאניזירן די ארגאניזירטע ארבעטער־
שאפט.

דא האבן מיר פאר זיך נאך א פאל, וואו די יוניאנס
קענען ניט אנהאלטן אזא אומקאמפראמיסלאכע ליניע ווי
א פאליטישע ארגאניזאציע. אויך אויף דעם פאליטישן
געביט קענען די יוניאנס זיך ניט פארגינען צו האלטן
זיך פולע הונדערט פראצענט פאר דעם ענדציל און מוזן

זיך רעכענען מיט דער עקזיסטירנדיקער פּאָליטישער לאַגע, — און ווידער אַמאָל דערפאַר ווייל דאָ האַנדלט זיך ניט וועגן געבראָטענע טייבעלאך אין דער צוקונפט, נאָר וועגן ממשות'דיקע אינטערעסן פון דעם אַרבעטער פון פלייש און בלוט, און ניט פון עפּעס אַ טעאָרעטישער אַבסטראַקציע.

צוליב אָט די טעמים ווערט דער פּראַקטישער אַרבעטער־פירער ביסלאַכווייז אָפּגעוואוינט פון דער רעוואָלוציאָנערער פראַזע, וואָס אָנשטאָט אַ הילף קען זי אָפט ווערן אַ שטערונג אין זיין דערפאָלגרייכער טעטיגקייט טאַקע אין די אינטערעסן פון די אַרבעטער גופא. וואָס ווייטער פאַרלירט ער אַלץ מער דאָס געדולד צו הערן די רייד פון די רעוואָלוציאָנערע „נודניקעס", וואָס האַלטן אין איין פאָדערן און מאָנען רעוואָלוציאָנערע פּרינציפּן־טרייהייט און צניעות, וועלכע האָבן ניט קיין פּראַקטישן ווערט אין דעם טאָג־טעגלאכן קאַמף פון די אַרבעטער.

און ווען די רעוואָלוציאָנערן באַנוגענען זיך ניט מיט זאָגן מוסר אַליין און מאַכן פּראַקטישע פּראָבעס צו פאַר־כאַפּן די יוניאָנס פאַר זייער פּאַרטיי; צו אונטערוואַרפן זיי צו דעם קריגס־שטאַב פון דער אָדער יענער רעוואָ־לוציאָנערער פּאַרטיי; ווען דער רעוואָלוציאָנערער גענע־ראַל־שטאַב הויבט אָן ארייננציען געהיימע דראָטן אין יעדער אָפּטיילונג פון דער געווערקשאַפטלאַכער באַוועגונג; ווען די פּאָליטישע פּאַרטייען הויבן זיך אָן מישן אין אַזעלכע

פראגן, וויפיל אפצאל די מיטגלידער אין די יוניאנס דארפן צאלן, וואס פאר א פאדערונגען זיי זאלן ארויסשטעלן, ווען זיי זאלן דערקלערן א סטרייק א. א. וו.; איבערהויפט ווען די רעוואלוציאנערע פארטייען ארגאניזירן גרופן אדער צעלן, וואס זאלן העלפן אויסקלייבן אלס באאמטע פון די יוניאנס אזעלכע, וואס זאלן שטיין אונטער דעם באפעל פון דעם רעוואלוציאנערן שטאב, — דעמאלט פילט זיך דער פאראנטווארטלאכער פירער פון דער יוניאן געצוואונגען אויפצוהויבן א קאמף קעגן דעם דאזיקן חוצפה'דיקן דיקטאציע־פארזוך מצד פאליטישע פארטייען, וועלכע האבן אליין דערווייל נאך ניט באוויזן ארייצושרייבן אין די סטאטוט־ביכער קיין איינציקן געזעץ לטובת דער ארבעטער־שאפט.

אפילו ווען דער ארבעטער־פירער איז אליין א סאציאליסט; אפילו ווען ער גלויבט, אז די געווערקשאפטלאכע באוועגונג דארף גיין האנט אין האנט מיט דער פאליטישער, — קען ער בשום אופן ניט מסכים זיין דערצו, אז די טרייד־יוניאן זאל ווערן די וואסאל־ארגאניזאציע פון וועלכער עס איז פאליטישער פארטיי. ער מוז באשטיין דערויף, אז די פאראלעלע טיילן פון דער ארבעטער־באוועגונג זאלן בלייבן אינערלאך זעלבסטשטענדיק און פריי, כדי יעדערע זאל ווי געהעריק קענען אויספילן איר באשטימטע פונקציע.

***

דער פאַקט, וואָס די געווערקשאַפטלאַכע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זיינען דאָך אין זייער מיטגליד־צוזאַמענשטעל אויסשליסלאַך פּראָלעטאַריש, זיינען אַן אַן ערך מעסיקער, איידער די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, וואָס שליסן אין זיך איין עלעמענטן פון מער ווי איין קלאַס, — אָט דער פאַקט איז ביז גאָר טשיקאַווע און שטעלט אונטער אַ פראַגע־צייכן דעם גאַנצן פּראָלעטאַרישן איינשטעל פון דעם רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם. אָבער אויב אין דעם שטעקט אַ געוויסער פּאַראַדאָקס, — דאַרף די אויפקלערונג פון דעם ווידערשפּרוך איבערגעלאָזט ווערן פאַר די רעוואָלוציאָנערן. פאַר אונז וועט זיין גענוג צו קאָנסטאַטירן די פאָלגענדיקע אומצווייפלהאַפטע טאַטזאַכן:

אַז די געווערקשאַפטלאַכע באַוועגונג האָט צו דערפילן אַ באַשטימטע פונקציע פאַר דער אַרבעטערשאַפט אין דער געזעלשאַפט אַזוי ווי זי איז; דעריבער איז זי ניט און קען ניט זיין אַזוי רעוואָלוציאָנער ווי אַנדערע טיילן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, וועמעס צילן קענען קיינמאָל ניט דערגרייכט ווערן אין דער געזעלשאַפט אַזוי ווי זי איז. אַז אין דער דערפילונג פון זייער ספּעציעלער אויפגאַבע קענען די יוניאָנס אָפּט אויסנוצן ניט־סאָציאַליסטישע געזעלשאַפטלאַכע כחות, און זיי טוען עס טאַקע, און זיי מעגן עס טאָן. אַז כדי צו קענען ווי געהעריק דערפילן זייער ספּעציפישע אויפגאַבע, מוזן די יוניאָנס זיין פולקאָם זעלבסטשטענדיק, און דעריבער שטויסן זיי צוריק יעדן

דאָמינאַציע־פאַרזוך פון אַנדערע טיילן פון דער אַרבעטער־באוועגונג. אַז זיי טוען דאָס ניט דערפאַר, ווייל די יוניאָן־ביוראָקראַטיע וויל ניט, מ׳זאָל זיך מישן אין אירע עסקים, נאָר הויפּטזעכלאַך דערפאַר, ווייל די פונקציע פון די יוניאָנס איז אַן אַנדערע ווי די פונקציע פון די אַנדערע באוועגונגס־טיילן.

# דעמאָקראַטיע

טויזנטער יאָרן איז די וועלט געוואוינט געווען צו קוקן אויף רעגירונג מיט יראת־הכבוד, ווי אויף אַן אינ־סטיטוציע וואָס קומט פון גאָט אַליין. דער קיסר, דער מאָנאַרך, ווערט געזאַלבט פון גאָט אָדער פון זיינעם אַ שליח, און ער איז ניט פאַראַנטוואָרטלאַך צו קיינעם אַחוץ צו גאָט. נאָך מער, ער איז אַליין אַ שטיקל גאָט אָדער ווייניקסטנס האָט ער אין זיך אַ טייל פון די אייגנשאַפטן פון גאָט.

די דעמאָקראַטישע דענקער האָבן געזוכט אָראָפּצו־רייסן פון רעגירונג דעם אָרעאָל פון הייליגקייט. זיי האָבן געוואָלט באַווייזן, אַז עס שטעקט גאָרניט קיין כישוף אָדער איבערנאַטירלאַכעס אין רעגירונג; אַז רעגירונג איז אַ ריין־פּראַקטישע זאַך, וואָס האָט די אויפגאַבע צו דערפילן באַ־שטימטע, פּראַקטישע אויפגאַבן. דער נעקסטער עטאַפּ אין דעם דאָזיקן געדאַנקען־גאַנג איז געווען דער רעוואָלוציאָ־נערער איינשטעל, אַז אויב אַ רעגירונג הערט אויף צו דער־פילן איר אויפגאַבע פאַרלירט זי איר נוצלאַכקייט און מ׳מעג איר — ניין, מ׳מוז איר — ארונטערוואַרפן.

דזשאָן לאָקע אין ענגלאַנד און זשאַן זשאַק רוסאָ אין

פראַנקרייך האָבן זיך דערטראַכט צו דער טעאָריע, אַז דער שטאַט איז צו־שטאַנד געקומען דורך אַ „סאָציאַלן קאָנ־טראַקט"; און ווייבאַלד דאָס איז אַזוי, האָט דאָס פאָלק, ד. ה. די צדדים אינם קאָנטראַקט, דאָס רעכט צו באַשטימען די באַדינגונגען פון אָט דעם „סאָציאַלן קאָנטראַקט", און צו ענדערן די באַדינגונגען ווען נויטיק. די סואַווערענע מאַכט, הייסט עס לויט אָט דער טעאָריע, איז לכתחילה געווען ביים פאָלק און ניט ביי דעם רעגירער אָדער רעגי־רונג, און ביים פאָלק דאַרף זי, די סואַווערענע מאַכט, פאַרבלייבן.

בעת די אַמעריקאַנער קאָלאָניעס האָבן זיך אָנגעהויבן בונטעווען קעגן ענגלאַנד, האָבן מאַנכע פירער פון דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע געזוכט אידעאָלאָגיש צו באַגרינדן דעם אַמעריקאַנער אומאָפּהענגיגקייטס־קאַמף קעגן דעם מוטער־לאַנד. טאָמאַס דזשעפערסאָן האָט אימפּאָרטירט קיין אַמעריקע די אויבן־דערמאַנטע רעוואָלוציאָנערע געדאַנקען פון לאָקע און רוסאָ און האָט זיי פאַרקערפּערט אין דער „דעקלערײשאָן אָוו אינדעפּענדענס". דעם הויפּט־געדאַנק פון יענער טעאָריע האָט דזשעפערסאָן אַביסל פאַראַפראַזירט, און אין זיין נוסח איז עס אַרויסגעקומען, אַז יעדע רעגירונג מוז האָבן „די הסכמה פון די רעגירטע".

פאַרשער האָבן שוין לאַנג באַוויזן, אַז די טעאָריע, אַז רעגירונג איז אויפגעקומען ווי אַ פּועל־יוצא פון אַ „סאָציאַלן קאָנטראַקט", איז פאַלש. דעם אורשפּרונג פון

רעגירונג דאַרף מען גיכער זוכן אין דעם פאָטער פון דער פּאַרציייטיקער פאַמיליע, וועלכער איז אויך געווען דער הערשער איבער איר. שפּעטער איז די הערשאַפט פון די הויפּטן פון משפחות אַריבער צו די הויפּטן פון שבטים, און נאָך שפּעטער צו די הויפּטן פון מלוכות א. א. וו.

דער דעמאָקראַטישער געדאַנק האָט זיך אָבער ניט אָפּגעשראָקן דערפאַר. די, וואָס האָבן שוין איינמאָל פאַר־זוכט דעם טעם פון פרייהייט, אַנשטאָט צו זיין אונטער־וואָרפן דער דעספּאָטיע פון מאָנאַרכן, וועלכע האַלטן זיך פאַראַנטוואָרטלאַך בלויז צו גאָט און ווייטער צו קיינעם ניט, האָבן מער ניט געוואָלט אויפגעבן זייערע ביי־געוואונענע פרייהייטן און רעכט צוליב אַזאַ קלייניגקייט ווייל רעגירונג איז לכתחילה אַנטשטאַנען ניט דורך אַ „סאָציאַלן קאָנ־טראַקט”. זיי האָבן זיך געזאָגט: אויב אַפילו רעגירונג צווישן מענשן איז אַנטשטאַנען דורך צוואַנג פון אויבן, איז נאָך דערפון ניט געדרונגען, אַז עס דאַרף אַזוי תמיד בלייבן. אויב דער אורשפּרונג פון רעגירונג נעמט זיך ניט פון אַ „סאָציאַלן קאָנטראַקט”, איז דערפון נאָך ניט גע־דרונגען, אַז אין אונזער צייט דאַרף רעגירונג ניט אויס־פילן די פונקציע פון אַ „סאָציאַלן קאָנטראַקט”, און אַז זי דאַרף ניט האָבן די הסכמה פון די רעגירטע.

***

צום אַלעם ערשטן, איז דעמאָקראַטיע באַזירט אויף דעם פּרינציפּ, אַז אַלע מענשן זיינען געבוירן גלייך; אַז

זיי זיינען ניט קינדער אָדער אידיאָטן, מיט וועלכע מ׳קען און מ׳מעג טאָן וואָס מ׳וויל; אַז זיי דאַרפן האָבן גלייכע רעכט מיט אַנדערע מענשן, אַפילו ווען יענע זיינען פעאי־קער אָדער קליגער פון זיי.

דער בעסטער וועג ווי אַזוי צו גאַראַנטירן אַבסאָלוט גלייכע רעכט פאַר יעדן איינציקן יחיד, איז אָפּצושאַפן יעדער מין רעגירונגס־צוואַנג בכלל. אַנאַרכיסטן גלויבן טאַקע, אַז דאָס איז דער איינציקער וועג. די דערפאַרונג ווייזט אונז אָבער, אַז דאָס איז ניט מעגלאַך, אָדער איז דערווייל נאָך ניט מעגאלך. מענשן קענען זייער ווייניק דערגרייכן אַלס איינצלנע און מוזן זיך פאַראייניקן מיט אַנדערע מענשן צו טאָן באַשטימטע זאַכן; און די צאָל פון אַזעלכע געביטן, וואו מענשן מוזן האַנדלען אַלס קאָ־לעקטיוון, ווערט ניט קלענער, נאָר ווערט אַלץ גרעסער אין אונזער פאַרוויקלטן ציוויליזירטן לעבן.

דער פּראַקטישער פּראָבלעם פון דעמאָקראַטיע איז דעריבער אַ צווייעדיקער: פון איין זייט, צו גאַראַנטירן די פרייהייט פון דעם יחיד ווי ווייט נאָר מעגלאַך; און, פון דער אַנדערער זייט, צו שאַפן פאָרמען פון געמיינ־שאַפטלאכער אַקציע מיט אַ מינימום צוואַנג.

דער איינציקער פּראַקטישער מעטאָד פון פרייער זעלבסט־רעגירונג, צו וועלכן מענשן האָבן זיך ביז איצט דערטראַכט, איז די הערשאַפט פון דער מערהייט, דער „אחר הרבים להטות".

און ניט דערפאַר, ווייל „די שטימע פון פאָלק איז די שטימע פון גאָט"; ניט דערפאַר, ווייל די מערהייט איז אַל־ווויסנד און איז אַלעמאָל גערעכט; נאָר פשוט דערפאַר, ווייל די הערשאַפט פון דער מערהייט איז די איינציקע פּראַקטישע רעגירונגס־פאָרם, אונטער וועלכער עס איז מעגלאַך צו לעבן אין דער געזעלשאַפט ווי אַ גלייכער מיט אַ גלייכן, ווי אַ פרייער מיט אַ פרייען.

די הערשאַפט פון דער מאַיאָריטעט איז אַ מעטאָד פון רעגירונג, וואָס איז באַזירט ניט בלויז אויף ריין־פּראַקטישע נאָר אויך אויף פּרינציפּיעלע גרינדע.

די פּראַקטישע גרינדע זיינען — אַז די אַנטשיידונג פון דער מערהייט איז דער איינציקער ציוויליזירטער וועג ווי אַזוי אַנצוהאַלטן אָרדנונגספולע רעגירונג; אַז אַזוי ווי די מערהייט האָט דאָך די מערסטע פויסטן, איז גלייכער איר צו לאָזן רעגירן, ניט פאָדערנדיק פון איר זי זאָל דוקא באַווייזן די צאָל אָדער דעם כח פון אירע קולאַקעס. די פּרינציפּיעלע גרינדע, ווידער, זיינען, — אַז צווישן דער קאָמפּאַקטער מאַיאָריטעט זיינען געוויס פאַראַן פּונקט אַזעלכע איבערצייגטע און אַנטשלאָסענע מינאָריטעטן ווי צווישן די מינדערהייט־גרופּן, און אַז ניט יעדערער איז אַלעמאָל און אין אַלע פראַגן אין דער מינאָריטעט; אַז די גרופּירונגען אין מאַיאָריטעט און מינאָריטעט זיינען ניט קיין שטענדיקע, נאָר ענדערן זיך כסדר — בעת אין איין

פראַגע איז איינער אין דער מינדערהייט, קען ער אין אַן אַנדער פראַגע שוין זיין אין דער מערהייט.

אַזוי לאַנג ווי עס איז ווירקלאך פאַראַן די מעגלאכ־קייט פאַר יעדער מינדערהייט אָפּט אויך צו זיין אין דער מאַיאָריטעט, קען ניט זיין קיין רייד וועגן דער טיראַניי פון דער מערהייט. טאָמער אָבער געפינט זיך אַ באַדייטנ־דער מיעוט אַלעמאָל און אין אַלע פראַגן אין דער מינאָ־ריטעט, דעמלאָט אַנטוויקלט זיך אַ געפיל פון אונטערדריקט זיין ביי דעם דאָזיקן מיעוט און ער הויבט זיך אָן ציען אין דער ריכטונג פון רעוואָלוציע, פון דורכפירן זיינס דורך רעוואָלוציאָנערע מיטלען.

די אויפגאָבע פון דער דעמאָקראַטישער רעגירונגס־אָרדנונג איז אַכטונג צו געבן, אַז עס זאָלן זיך ניט אַנט־וויקלען אַזעלכע מיעוטים, וואָס זיינען אַלעמאָל און אין אַלע פראַגן אין דער מינדערהייט. דאָס צו דערגרייכן איז ניט קיין גאַנץ גרינגע אויפגאַבע. יעדנפאַלס, איז די דעמאָ־קראַטישע אָרדנונג מחויב צו שטרעבן ניט צו דערלאָזן די אויפקומונג און פערפעטואירונג פון אַזעלכע מינדערהייטן — און דער איינציקער וועג דאָס צו דערגרייכן איז, קודם כל, דורך גאַראַנטירן די אומבאַגרעניצטע פרייהייט פאַר יעדן מיעוט צו פּרובירן איבערצייגן און אַריבערגעווינען דעם רבים אויף זיין זייט; דורך גאַראַנטירן די אַבסאָלוטע פריי־הייט פון רעדע און פון פרעסע.

***

ביז דער רוסישער רעוואָלוציע איז די געגנערשאַפט צו דעמאָקראַטיע געווען באַגרעניצט כמעט אויסשליסלאַך אויף רעאַקציאָנערן.

די רעאַקציאָנערן, וועלכע זוכן כסדר איינצוהאַלטן דאָס אַלטע און שטעלן זיך געגן יעדער געזעלשאַפטלכער ענ־דערונג, האָבן וועניק פּאַרטרויען אין דער מאַסע, אין דעם פּאָלק. ניט נאָר גלויבן די רעאַקציאָנערן, אַז דאָס פּאָלק ווייס ניט און וועט קיינמאָל ניט וויסן ווי אַזוי זיך אַליין צו רעגירן, נאָר זיי האָבן דעם שטאַרקסטן אומצוטרוי צו זיין שכל־הישר און צו זיין געפיל פון יושר בכלל.

לכתחילה, ווען די דעמאָקראַטישע רעגירונגס־פאָרם איז אויפגעקומען אין די פאַראייניקטע שטאַטן, האָבן רעאַק־ציאָנערן נביאות געזאָגט, אַז דאָס וועט ניט אויסהאַלטן די פּראָבע פון דער צייט; אַז רעגירונג אָן דער פּראַכט און גלאַנץ, אָן דער ראָמאַנטישקייט פון אַ הויפּטלינג, וועלכער שטייט אויסער דעם פּאָלק און איבער אים, וועט קיין ממשות ניט האָבן. זיי, די רעאַקציאָנערן, האָבן גע'טענה'ט, אַז רעגירונג מוז זיין באַזירט ניט נאָר אויף דערפאַרונג, סיי פערזענלאכער און סיי היסטאָרישער, נאָר אויך אויף טראַדיציע; אָבער אַזוי ווי דעמאָקראַטיע רעכנט זיך ניט, אָדער רעכנט זיך ניט גענוג, מיט דערפאַרונג און טראַדיציע, דולדעט ניט קיין אויטאָריטעט און ענדערט צו אָפט איר פּאָליטישע ליניע, קען זי לאַנג ניט דויערן.

ביי די רעאַקציאָנערן פלעגט אויסקומען אַז אַ דעמאָ־

קראַטישע רעגירונג איז עפּעס גאָר קיין רעגירונג ניט...
אַפילו אַזאַ קענער פון אַמעריקאַנער פּאָליטישע אינסטי־
טוציעס ווי דזשיימס בראַיס באַמערקט אין זיין ווערק „די
אַמעריקען קאָמאָנוועלטה" וועגן דעמאָקראַטישער רעגירונג
ווי פאָלגט: „אַפילו די חשיבות פון רעגירונג איז ניטאָ
מער . . . די נאַציע איז ניט מער ווי אַזוי פיל יחידים.
די רעגירונג איז ניט מער ווי געוויסע פאַרטרעטער און
באַאַמטע".

אָבער נאָכדעם ווי זייער נביאות, אַז די דעמאָקראַ־
טישע רעגירונגס־פאָרם קען זיך לאַנג ניט האַלטן, איז ניט
מקוים געוואָרן, האָבן די רעאַקציאָנערן ניט אויפגעגעבן
זייער געגנערשאַפט צו איר. זיי האָבן בלויז געביטן זייערע
אַרגומענטן. בעת פריער האָבן זיי געזאָגט, אַז אַזאַ רעגי־
רונג האָט ניט קיין שטאַנדהאַפטיגקייט, האָבן זיי שפּעטער
גע'טענה'ט, אַז דעמאָקראַטישע רעגירונג איז ניט אַזוי גוט
ווי מאָנאַרכיסטישע רעגירונג; אַז דעמאָקראַטיע, וואָס האָט
ליב די חניפה פון דעמאַגאָגיע, שלעפּט אַרונטער רעגירונג
אויף אַ נידעריקן ניוואָ; אַז קיין אמת־גרויסע מענשן קענען
ניט ווערן אירע פירער און רעגירער א. א. וו.

הגם די אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע האָט באַוויזן, אַז
אָט די באַשולדיקונגען זיינען איבערטריבענע; אַז אין הינ־
זיכט פון פירערשאַפט קען זיך אַמעריקע גאַנץ גוט פאַר־
גלייכן מיט די מאָנאַרכיסטישע לענדער פון איראָפּע און
עס וועט איר נאָך אפשר אַרויסקומען „רעשטע"; אַז אַזעל־

כע רעגירונגס־פירער ווי לינקאָלן, טעאָדאָר רוזוועלט, וואוד־ראָו ווילסאָן, פרענקלין ד. רוזוועלט קענען זיך אָן ספק פאַרגלייכן מיט די בעסטע „פירער" וואָס האָבן אין משך פון דעם זעלבן צייט־פעריאָד רעגירט איבער די מאָנאַר־כיסטישע לענדער; אַז יעדנפאַלס איז עס אַבסאָלוט אומ־מעגלאַך פאַר אַ דעמאָקראַטיע צו האָבן בראש פון איר רעגירונג אַזאַ גאָרנישט ווי ניקאָלאַי דער צווייטער, צום ביישפּיל, — הגם דאָס אַלץ איז באשטעטיקט געוואָרן פון דער דערפאַרונג, האָבן אָבער רעאַקציאָנערן אין אמת'ן ניט אויפגעגעבן זייער געגנערשאַפט צו דעמאָקראַטיע ביז אויף היינטיקן טאָג.

עס וואָלט אָבער ניט געלוינט צו פאַרלירן צופיל רייד וועגן דער געגנערשאַפט פון רעאַקציאָנערן צו דעמאָקראַטיע, ווען ניט דער פאַקט, וואָס באַדייטנדע שיכטן ראַדיקאַלן האָבן לעצטנס גענומען אַ שאַרפע שטעלונג געגן דעמאָ־קראַטיע און ריידן כמעט די זעלבע רייד ווי די רעאַק־ציאָנערן.

פאַרשטייט זיך, די געגנערשאַפט פון ראַדיקאַלן צו דעמאָקראַטיע נעמט זיך פון גאַנץ אַנדערע מאָטיוון ווי די געגנערשאַפט פון די רעאַקציאָנערן. זי איז אָבער ניט וועניקער, נאָך אַ סך מער שעדלאַך פאַר די אינטערעסן פון פאָלק איידער די רעאַקציאָנערע געגנערשאַפט.

***

אַ געוויסע געגנערשאַפט צו דעמאָקראַטיע איז אייגנט־לאך אַלעמאָל געווען ניכר צווישן ראַדיקאַלן.

דעם ראַדיקאַל האָט זיך ניט געקענט פּאַטויפען אין מוח, ווי דאָס קומט, וואָס די ברייטע פאָלקס־מאַסן אין די דעמאָקראַטישע לענדער נעמען ניט אָן זיינע סאָציאַליסטישע אידעאַלן אַזוי שנעל ווי ער האָט דאָס דערוואַרט. ניט איין ראַדיקאַל איז געבליבן שטיין אַ צעטומלטער און אַ פאַרגאַפטער פאַר אָט דער דערשיינונג. ווי קומט עס? — האָט ער זיך אַליין געפרעגט. עס קען דאָך ניט זיין, אַז די שולד ליגט אין סאָציאַליזם! ניט אַנדערש, אַז שולדיק אין דעם איז די דעמאָקראַטישע סיסטעם!

קיין באוואוסטזיניקע געגנערשאַפט צו דעמאָקראַטיע איז דאָס אָבער ניט געווען. דאָס איז גיכער געווען אַן אויסדרוק פון אומגעדולד און פאַרצווייפלונג מיט די לאַנג־זאַמע פּראָצעסן פון דער געשיכטע. אָט דער געמיט־צו־שטאַנד איז דער שיקזאַל פון יעדן אידעאַליסט. דאָס איז זיין טראַגעדיע, וואָלט איך געזאָגט.

די דאָזיקע טראַגעדיע פון דעם אידעאַליסט איז פאַר־אייביקט געוואָרן פון י. ל. פּרץ דורך דעם אומשטערבלאכן בילד, וואָס זיין פאַנטאַזיע האָט אויפגעכאַפּט אין דער „אכטער אָפּטיילונג פון גיהנום", דאָס בילד, ווי עס שטייט אַ מענש אַ נאַקעטער לעבן אַ ריזיקן אייז־באַרג און וויל מיט דער וואַרימקייט פון זיין אייגענעם קערפּער צושמעלצן דעם באַרג. פאַרשטייט זיך, איין־איינציקער מענש קען ניט

צושמעלצן אַ גאַנצן אייז־באַרג. קודם כל פאָדערט זיך, אַז די טעמפּעראַטור פון דער אַטמאָספערע זאָל מעגלאך מאַכן דעם באַרג צו צושמעלצן. עס איז אָבער נאָך ניט פעסט־געשטעלט ווי הויך עס איז דער גראַד פון דעם ביישטראָג פון אָט די מענשן מיט די נאַקעטע וואַרימע קערפּערס, אַז דער באַרג זאָל זיך אָנהויבן שפּאַלטן, לאָזן פון זיך קריעס און ענדלאך איינגאַנצן צושמאָלצן ווערן. אָבער ביז דער באַרג הויבט אָן „לאָזן״ פאָדערט זיך אָן איבערמענשלאכע מאָס געדולד צו שטיין לעבן אים טאָג־איין, טאָג־אויס און בלאָזן אויף אים מיט דער אייגענער פאַרע. עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס אַזעלכע מענשן פאַרלירן אָפט דאָס געדולד און ווערן זאָגאַר פאַרצווייפלט און היסטעריש.

ערשט אין אונזער דור, אין דער צייט זינט דער רוסישער רעוואָלוציע, האָט די אומגעדולד פון די ראַדיקאַלן מיט די לאַנגזאַמע פּראָצעסן פון דעמאָקראַטיע זיך אויס־געקריסטאַליזירט אין אַ באַשטימטער, אויסדריקלאכער געגנערשאַפט צו דעמאָקראַטיע, אין אַ באַשטימטער „פילאָ־זאָפיע״.

די דאָזיקע „פילאָזאָפיע״, וואָס די באָלשעוויקעס, און צוזאַמען מיט זיי די קאָמוניסטן און רעוואָלוציאָנערע סאָ־ציאַליסטן, האָבן זינט דער רוסישער רעוואָלוציע פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט, איז זייער גוט באַקאַנט. דאָס איז דער איינשטעל, אַז ניט נאָר איז די דעמאָקראַטישע רעגירונגס־פאָרם צופיל פאַרוויקלט און פאַרפּלאָנטערט און

גיט ניט קיין מעגלאכקייט דעם אמת'ן ווילן פון פאָלק צו קומען צום אויסדרוק, נאָר אַז דאָס פאָלק אַליין ווייס גאָר ניט וואָס עס וויל און אַז די באוואוסטזיניקע מינדערהייט דאַרף טאָן דאָס, וואָס זי האַלט אַלס גוט פאַר די אינטע־רעסן פון פאָלק, אַפילו דעמאָלט און דאָרט וואו דאָס פאָלק איז געגן דעם.

דאָס איז די געפערלאכע איינרעדעניש, אַז די מינאָ־ריטעט, וועלכע איז איבערצייגט, אַז זי איז גערעכט, מעג און איז מחויב ארויפצוצווינגען איר ווילן אויף דער גרוי־סער מערהייט.

אין דער סאַמע לעצטער צייט האָבן די רעוואָלוציאָ־נערן, אמת, אָפגעשטעלט זייערע אַטאַקעס אויף דעמאָ־קראטיע. אָבער אַלע סימנים ווייזן, אַז געטאָן האָבן זיי דאָס בלויז אונטער דעם דרוק פון דעם אויפגעקומענעם פאַשיזם, וועלכער געברויכט די זעלבע טעאָריע און מע־טאָדע פאַר גאָר אַנדערע צוועקן, אָבער בשום אופן ניט דערפאר ווייל זיי האָבן זיך ארומגעזען, אַז זייער בליק אויף דעמאָקראַטיע איז געווען אַ פאַלשער.

אָט דער בליק אויף דעמאָקראַטיע מצד די אָנהענגער פון דער דיקטאַטור פון אַ מינדערהייט איז מעוברת מיט די גרעסטע געפאַרן פאַר דער פרייהייט און פאַר דעם וואויל־זיין פון די מאַסן, און דאַרף מיט דער גרעסטער ענערגיע באקעמפט ווערן.

***

עס איז גוט ווען מענשן האָבן איבערצייגונגען. אָבער ווען די זעלבע מענשן פאַר'שכור'ן זיך מיט אַ טעאָריע, אַז זיי האָבן ביי זיך דעם גאַנצן אמת, און אַז זיי האָבן דאָס רעכט און די פליכט זייער אמת מיט גוואַלד דורכצופירן — דעמאָלט ווערט עס אַ געפערלאכע געזעלשאפטלאכע משוגעת, וואָס מ'קען ניט אָפּשטעלן ווען און וואו מ'וויל.

לאָזט מען זיך אַוועק אויף דעם געפערלאכן וועג פון פּראָקלאַמירן, אַז אויב אַ געוויסע מינאָריטעט גלויבט נאָר מיטן גאַנצן האַרצן אין איר אמת, האָט זי שוין אויך די מאָראַלע רעכט איר ווילן דורכצוזעצן מיט גוואַלד, — טאָ מיט וואָס פאַר אַ פּתחון־פּה קען מען דאָסזעלבע רעכט פאַרלייקענען אַנדערע, וועלכע גלויבן אַז גערעכט זיינען זיי גאָר?

געוויס, מיר ווייסן טאַקע, אַז גערעכט זיינען מיר. די פראַגע איז אָבער, צי ווייסן זיי עס? זיינען די געגנער פון סאָציאַליזם, למשל, טאַקע אַלע פּשוט'ע שווינדלער און זעלבסטזיכטיקע מענשן?

ווער ווייסט, צום ביישפּיל, קענען באהויפּטן מיט זיכער־קייט, אַז צווישן די היטלעריסטן זיינען ניטאָ אַ היפּשע צאָל, וואָס גלויבט ערלאך, אַז אידן זיינען אַ געפאַר פאַר דער וועלט און עס איז אַ מצוה זיי אונטערצוברענגען? נו, דעריבער האָבן זיי טאַקע אַ רעכט די אידן צו פאַר־טיליקן?

אין בעסטן פאַל איז דאָס דאָזיקע גערעכט־געבן צו

אַן איבערצייגטער מינדערהייט דורכצוזעצן איר ווילן אַ שווערד מיט צוויי שאַרפן, וואָס טאָר ניט אָנגעטרויט ווערן קיינעם ניט — אַפילו אונז אויך ניט!

אידיאָטן און אומהיילבאַרע קראַנקע זיינען געוויס נוצלאָז און אָפט אַפילו שעדלאַך פאַר דער געזעלשאַפט. פונדעסטוועגן האָט די געזעלשאַפט מורא אָנצוטרויען אַפילו וויסנשאַפטסלייט דאָס רעכט אַזעלכע אומצוברענגען. אָפט פאַסירט, אַז אַ נאָענטער קרוב באַגייט אַ „גנאַדעס־מאָרד" און פאַרשניידט די יאָרן פון אַט אַזאַ ליידענדן. אַזאַ מערדער איז די געזעלשאַפט געוויינלאַך מוחל זיין חטא, אָבער די געזעלשאַפט קען קיינמאָל ניט מסכים זיין צו געבן דאָס דאָזיקע רעכט וועמען־עס־איז אַפריער. מיט רעוואָלוציע איז אויך דאָסזעלבע. עס קען אַמאָל פאָרקומען אַ רעוואָלוציע אָן אַן אָפיציעלן מאַיאָריטעט־מאַנדאַט, און דאָך זאָל די געשיכטע דעם דאָזיקן אַקט נאָכדעם רעכטפאַרטיקן און זאָגאַר גוטהייסן. אָבער לכתחילה רעכטפאַרטיקן אַ רעוואָלוציע פון אַ מינאָריטעט, אויף דעם גרונט, וואָס די רעוואָלוציאָנערן גלויבן אַז זיי זיינען גערעכט — דאָס איז אין פולסטן זין פון וואָרט שעדלאַך און — יאָ! — אַנטיסאָציאַל!

אַפילו דאָרט, וואו אַ רעוואָלוציע איז נויטיק, טאָר זי בשום אופן ניט מאָטיווירט ווערן מיט דער טעאָריע פון דיקטאַטור, מיט דאָס רעכט פון אַן איבערצייגטער מינאָריטעט ארויפצוצווינגען איר הערשאַפט אויף דער ריזיקער

מאַיאָריטעט. אַזאַ מאָטיווירונג ציט סוף כל סוף איר יניקה פון דעם טייוועלשן „כל דאלים גבר‟ און שלעפּט אומ־פארמיידאלך אין כף־הקלע פון אינקוויזיציע. אַפילו מיט ק״ן טעמים קען מען עס ניט רעכטפאַרטיקן!

קוים גיט מען אַ מיעוט דאָס רעכט צו טאָן אַלץ וואָס ער דענקט אַז עס דאַרף געטאָן ווערן פאַר דעם פאָלק, זעצט מען זיך אריין אין אַ שנעל־צוג, וועלכער פליט מיט אַן אימפּעט, וואָס קען מער ניט איינגעהאַמעוועט ווערן, אין דער ריכטונג פון דעספּאָטיזם, און ווערנדיק דער אַליינ־הערשער איזדיעקעוועט זיך די דאָזיקע גרופּע איבערן פאָלק אפשר נאָך גרויזאַמער ווי דער מאָנאַרכישער דעס־פּאָטיזם.

סאָוועט רוסלאַנד איז אַ גוטער באַוויז, ווי ריכטיק דאָס איז. עס איז זייער מעגלאך, אַז אויך די באָלשעוויקעס קענען ניט אָפּשטעלן זייער צוג, אויב זיי ווילן אים ניט אינ־גאַנצן אויפרייסן.

*
**

דער אונטערצי איז, אַז אויב די דעמאָקראַטישע אָרד־נונג דערפילט ניט אַלע דערוואַרטונגען, וואָס פּראָגרעסיווע מענטשן האָבן אויף איר געלעגט, איז שולדיק אין דעם ניט דאָס, וואָס עס איז דאָ צופיל דעמאָקראַטיע, נאָר דאָס וואָס עס איז דאָ צו ווייניק דעמאָקראַטיע!

דאָרט, וואו עס הערשט אמת׳ע דעמאָקראַטיע, קען

דאָס פאָלק דורכפירן אַלץ, וואָס עס וויל. ער דאַרף אָבער פריער וועלן!

און אויב דאָס פאָלק, וואו עס איז אמת פריי, נעמט פאָרט ניט אָן די אידעאַלן פון אָן ערלאכער, פאָלקס־טרייער מינדערהייט, — טאָר ניט די דאָזיקע מינדערהייט תיכף שפּרינגען צום שלוס, אַז דאָס פאָלק ווייס אַליין ניט וואָס עס וויל. אַ סך געזינטער וועט זיין, ווען די דאָזיקע מינ־דערהייט וועט זיך פאַרטראַכטן: אפשר איז אין דעם שול־דיק, אויב ניט איר אידעאַל, איז לפחות איר טאַקטיק?